# אונזער שלום-עליכם

פון

## משה כץ



אַרויסגעגעבן פון

„זונטאָג אַרום טיש" פאָרום

ניו יאָרק, 1941


490

# אַ פּאָר ווערטער

דאָס דאָזיגע ביכל וועגן דעם געניאַלן קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור, שלום-עליכם, איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס איך האָב געשריבן אין יאָר 1937, צום אַרויסגאַנג פון איינציגע בענדער פון דער „מאָרגן-פרייהייט“ אויסגאַבע פון שלום-עליכמ׳ס ווערק, און טיילווייז אין יאָר 1939. דער ערשטער קאַפּיטל איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1936 און איז געווען געדרוקט אין חודש-זשורנאַל „האַמער“.

די דאָזיגע זאַמלונג פון אַרטיקלען פּרעטענדירט, נאַטירלעך, ניט אויסצושעפּן ניט נאָר אַזאַ קאָלאָסאַלע טעמע, ווי די אָפּשאַצונג פון שלום-עליכמ׳ען און זיין אָרט אין אונזער ליטעראַטור, נאָר אַפילו די באַזונדערע פראַגן, וואָס ווערן דאָ אויפגעהויבן. גאַנצע וויכטיגע טיילן פון שלום-עליכמ׳ס שאַפונג, — ספּעציעל זיינע ראָמאַנען און מאָנאָלאָגן זיינען דאָ אַפילו ניט באַרירט געוואָרן. עס איז דאָ אויך ניט נאָכגעפאָלגט געוואָרן די גרויסע און וואַקסנדיגע ווירקונג, וואָס שלום-עליכמ׳ס ווערק האָבן געהאַט אויף דער אידישער דראַמאַטורגיע און אויפן שאַפן פון דעם נייעם אידישן טעאַטער אין סאָוועטן-פאַרבאַנד און אין אַמעריקע („אַרטעף“).

אָבער ווי געזאָגט: אויסשעפּן אַזאַ גרויסע „טעמע“ ווי שלום-עליכם וואָלט געווען אַבסאָלוט אוממעגלעך ניט נאָר אין דעם ביכל, נאָר אפילו אין עטלעכע גרויסע ביכער. שלום-עליכמ׳ען, — דעם, וואָס איז מיט זיינע ווערק אַריבערגעוואקסן דאָס ציימוויליגע און איז אַריבער אין דער אומשטערבלעכקייט, — וועט מען ערשט דאַרפן שטודירן און שטודירן. דאָס דאָזיגע ביכל שטעלט זיך בלויז דעם ציל צו פאַראינטערעסירן און באַקענען דעם לייענער מיט איניגע פון די וויכטיגערע זייטן פון שלום-עליכמ׳ס שעפערישער פערזענלעכקייט, באַלייכטן איניגע ווינקלען פון זיין שאַפן פון אַ מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט און אָנצואווייזן אויף די טיפערע קוואַלן פון אידישן לעבן, וועלכע שלום-עליכם האָט געזוכט צו באַלייכטן מיט זיין זוניגן געלעכטער.

**משה כיץ.**

# אינהאַלט







שער־בלאַט געצייכנט פון די קינסטלער
**א. רעזניטשענקאָ** און **מ. בראַנפמאַן** (קיעוו)

---

אַלע בילדער — פון דער שלום־עליכם אויסשטעלונג ביים איקוף, 1941

# דער מענטש — שלום־עליכם

איך דערמאָן זיך ווי היינט: אין דער נאַכט פון 14טן מאַי, 1916, בין איך אינאיינעם מיט נאָך עטלעכע קאָלעגן געשטאַנען אויף דער וואַךביים קערפער פון אונזער ערשט־פאַרשטאָרבענעם גאָניאָלן שלום־עליכם, האָב זיך געפּרואווט דערמאָנען, וואָס פאַר אַ טענות איך האָב צו אים געהאַט, און זיך אַלץ ניט געקאָנט דערמאָנען.

איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין „טאָג". דער „טאָג" איז נאָך געווען אַ גאָר יונגע „ראַדיקאַל־געשטימטע" צייטונג, וואָס האָט זיך ערשט געפּרואווט שטעלן אויף די פיס. די צייטונג האָט זיך געהאַלטן ניט אויף קיין טראַ־דיציע און ניט אויף קיין גרויסע געשעפטן, נאָר דערהויפּט אויף אירע מיטאַרבעטער און אויף דעם נייעם טאָן, וואָס איז דורך איר אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער דעמאָלדיגער אידישער זשורנאַליסטיק. אָנשטאָט די פאַר־שיידענע אַנאָנימע „רייט־אָפּ'ס" (איבערגעאַרבעטע און איבערגעקייטע אַרטיק־לען פון ענגלישע צייטונגען), אויף וועלכע די גאַנצע אידישע פּרעסע, מיטן „פאָרווערטס" אין שפּיץ, האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן, האָט דער „טאָג" גענומען דרוקן אַרטיקלען, דערציילונגען, לידער, אונטערגעשריבענע מיט נעמען פון לעבעדיקע מענטשן, וועמען דאָס, וואָס זיי האָבן געשריבן, איז אָפּט טאַקע אָנגעגאַנגען. אַרום דעם „טאָג" איז דעמאָלט געלונגען צונויפ־קלייבן אַ ריי נעמען פון יונגע און עלטערע שרייבער, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס בעסערע אין דער דעמאָלדיגער פּרעסע, און ווען ס'איז געווען אַ געלעגנהייט אַריינצוקריגן אַ נייעם נאָמען, האָט דער „טאָג" די געלעגנהייט געווינלעך ניט דורכגעלאָזן.

איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז ווען שלום־עליכם איז אין אָנפאַנג פון דער וועלט־מלחמה, אין סוף 1914, אָנגעקומען קיין ניו יאָרק, האָט דער „טאָג" געטאָן אַלץ, כדי אַריינקריגן אים פאַר אַ מיטאַרבעטער. און אים איז דאָס געלונגען, ווייל קיין אַנדער רעדאַקציע האָט זיך דעמאָלט ניט אָנטשלאָסן צו גיין אַזוי „ווייט", ווי צאָלן פאַר שלום־עליכם'ס מיטאַרבעטער־שאַפט הונדערט דאָלאַר אַ וואָך.

שלום־עליכמ׳ס מיטאַרבעטערשאַפט אין „טאָג" האָט די דעמאָלדיגע פירנדיגע מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, געגעבן אַ געפיל פון אַ באַזונדערער חשיבות. שלום־עליכמ׳ס פּלאַץ אין דער אידישער ליטעראַטור איז געווען אַזוי הויך, אַז קיין צוויי מיינונגען וועגן אים האָבן ניט געקאָנט זיין. אַרבעטן אינאיינעם מיט שלום־עליכמ׳ען אין איין צייטונג איז געווען אַ גרויסער כבוד.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס שלום־עליכם איז ניט געווען גלאַט אַ רייכער צולאַג צו דער צייטונג. אָט דער גרויסער קינסטלער האָט געהאַט אַ חוש פון אַ זשורנאַליסט, ער האָט געלעבט מיט דער צייטונג, אין וועלכער ער האָט געאַרבעט, ער האָט זיך אינטערעסירט מיט איר אינהאַלט, מיט איר וואוקס, מיט אירע אויסזיכטן; ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם, וואָס אַנדערע שרייבן אין צייטונג און פלעגט אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען וועגן זיי. ער איז שטענדיג געווען פול מיט פּלענער פאַר דער צייטונג, און פלעגט אים עפּעס איינפאַלן, פלעגט ער תיכף אָפּרופן די רעדאַקציע אָדער בעטן מ׳זאָל קומען צו אים און מיט באַגייסטערונג אַנטוויקלען פּלענער, וואָס האָבן לויט זיין מיינונג געקאָנט העלפן דער צייטונג וואַקסן.

אַפילו זיינע מאַנוסקריפּטן, — די טעכנישע זייט זייערע, — האָט מיטגעהאָלפן, אַז מיר זאָלן שטענדיג פילן, אַז מיט אונז און צווישן אונז אַרבעט אַ מענטש, וואָס פאַר אים מיינט ליטעראַטור מער, ווי שרייבן אין צייטונג, מער אפילו ווי דרוקן זיך. איך געדענק שלום־עליכמ׳ס מאַנוסקריפּטן, — זיי פלעגן אַלע דורכגיין דורך מיינע הענט. זיי זיינען געווען פון צוויי סאָרטן: די פאַרזעצונגען פון זיין גרויסער אויטאָביאָגראַפישער אַרבעט, „פונ׳ם יאַריד", און די באַזונדערע דערציילונגען. ער פלעגט געבן יעדע וואָך איין קאַפּיטל „פונ׳ם יאַריד" און איין דערציילונג. זיינען די קאַפּיטלען „פונ׳ם יאַריד" געוויינלעך צוגעשיקט געוואָרן איבערגע־שריבענע אויף אַ מאַשינקע אויף פּאַפּיר, וואָס איז אָפט געווען צעשניטן, איבערגעשניטן, צונויפגעקלעפּט און איבערגעקלעפּט. און צווישן די צו־נויפגעקלעפּטע שטיקלעך זיינען אָפט געווען אַריינגעשריבן שורות מיט דער האַנט.

אַנדערש האָבן אויסגעזען די מאַנוסקריפּטן פון די דערציילונגען. געוויינלעך פלעגט ער זיי שרייבן אויף לויזע בלעטלעך פון קליינע נאָטיץ־ביכלעך, ס׳רוב אויף העל־בלויע און אָפט אויף ראָזעווע פּאַפּיר. יעדע דערציילונג פלעגט מיט זיך פאָרשטעלן אַ פאַרשריבענעם נאָטיץ־ביכל. די לויזע בלעטלעך זיינען פון אויבן דורכגעשטאָכן געוואָרן מיט עטלעכע

קיילעכדיגע לעכלעך און דורכגעבונדן דורך די לעכלעך מיט אַ קאַלירטן פאָדעם אָדער לענטע. דער מאַנוסקריפּט איז אויסער דעם באַזאָרגט גע־וואָרן מיט אַ ספּעציעלן שער־בלעטל, קאַליגראַפיש אָנגעשריבן, אונטער־געשטראָכן מיט פאַרשיידענע ליניעס אין גרין און רויט, אונטערגעצייכנט מיט שלום־עליכמ׳ס שטאַרק געציקלטער אונטערשריפט און אָפט דערצו באַזאָרגט נאָך מיט אַן אָרנאַמענט, אַ פייגעלע אָדער אַ בלימעלע, געצייכנט פון שלום־עליכמ׳ס האַנט.

אינעווייניג איז דער מאַנוסקריפּט געווען געשריבן מיט שלום־עליכמ׳ס ציכטיגער און קלאָרער האַנטשריפט; מ׳האָט געזען, אַז ער טראַכט וועגן דעם, אַז די זעצער זאָלן קאָנען לייכט איבערלייענען, וואָס ער שרייבט אָן. אָבער צווישן די קלאָרע און ציכטיגע שורות זיינען געווײנלעך געווען אַריינגעשריבן און אַריינגעמעקט שורה אויף שורה, וואָרט אויף וואָרט, אַריינגעשריבן אַ שורה און אויסגעמעקט, אויסגעמעקט אַ וואָרט און אָנגע־שריבן אַן אַנדערן איבער אים, — אַזוי אַז פון זיינע מאַנוסקריפּטן וואָלט מען גרינג געקאָנט צונויפשטעלן דריי־פיר וואַריאַנטן, וואָס פירן אונז אַריין אין שלום־עליכמ׳ס לאַבאָראַטאָריע פון שאַפן און וייזן אונז, ווי עס בילדט זיך ביי אים אויס דער אויסדרוק און ווי ער אַרבעט אויס דאָס בילד.

און יעדעס מאָל, ווען כ׳האָב געהאַלטן שלום־עליכמ׳ס מאַנוסקריפּט אין האַנט, האָב איך געהאַט דאָס געפיל: דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצן קיין פאַרענדיגטע אַרבעט; ווען שלום־עליכם זאָל האָבן נאָך צייט צו האַלטן דעם מאַנוסקריפּט ביי זיך און נאָך פלאַץ אויפן מאַנוסקריפּט גופא, וואָלט ער אים איבערגעאַרבעט און איבערגעבויט נאָך עטלעכע מאָל, אפשר אָן אַ סוף. און נאָך אַ זאַך: פאַר שלום־עליכמ׳ען איז זייער וויכטיג ניט נאָר דאָס, וואָס ער שרייבט אָן און גיט איבער דעם לייענער, — נאָר אויך דער ענין גופא פון שרייבן, די טעכנישע זייט פון שאַפן. עס איז יעדנפאַלס קיין צווייפל ניט, אַז שלום־עליכם האָט אָפּגעגעבן אַ מאָסע אויפמערקזאַמ־קייט ניט נאָר זיין ווערק, נאָר אויך זיין מאַנוסקריפּט. צום אָנהויב בין איך צוליב דעם אויסזען פון שלום־עליכמ׳ס מאַנוסקריפּטן אַפילו געווען זיכער, אַז ער וויל זיי האָבן צוריק און אַז ער זאַמלט זיי, און איך האָב זיך פאַר־וואונדערט, ווען ער האָט מיר אויף מיין אָנפראַגע געענטפערט, אַז ער איז צופרידן, ווען זיין געדרוקט ווערק קאָמט קומט צו אים צוריק אַזוי, אַז ער זאָל עס קאָנען דערקענען.

צוליב שלום־עליכמ׳ס אַרבעט אין „טאָג”, צוליב דעם צונויפריידן זיך וועגן די טעמעס, איז מיר אָפט אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט אים.

ווי געזאָגט, האָט ער זיך זייער שטאַרק אינטערעסירט מיט דער צייטונג, פלעגט זיך צעפרעגן וועגן אירע מיטאַרבעטער, וועגן איר פאַרשפרייטונג, אַרויסזאָגן זיך אין געשפרעכן וועגן די זאַכן וואָס האָבן זיך אין איר געדרוקט, א. אַז. וו., — און דאָס האָט מיר זייער שטאַרק אימפּאָנירט. ס׳איז צומאָל געווען אַ געפיל, ווי מיר שאַפן אַ צייטונג אינאיינעם מיט שלום־עליכמ׳ען.

אָבער שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן אַן אינטערעסאַנטע דער־שיינונג, וואָס האָט אויף מיר אָנגעהויבן ווירקן זייער פּיינלעך. שלום־עליכמ׳ס אינטערעס צום „טאָג״, — האָט זיך מיר געגומען דאַכטן, — איז געווען זייער אַן איינזייטיגער. אים האָט אינטערעסירט די צייטונג און איר דערפאָלג, אָבער אים האָט ניט אָנגעהויבן צו אינטערעסירן איר ריכטונג. דער „טאָג״ האָט דעמאָלט, ספּעציעל אין יאָר 1915, געפּרואווט שפּילן די ראָלע פון אַ ראַדיקאַלערער צייטונג, וואָס איז זייער אַרבעטער־פריינטלעך. ער האָט אָפט פּאָלעמיזירט מיט אַנדערע צייטונגען, איז געווען אַגרעסיוו געגן די פאַרשיידענע רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין אידישן לעבן אויף אַ קליינבירגערלעך־דעמאָקראַטישן שטייגער, האָט אויפגעהויבן פראַגן פון אידישן לעבן, האָט זיך אָפּגערופן אויף פראַגן, וואָס די מלחמה האָט גע־שטעלט, האָט זיך אַ סך פאַרנומען מיט ליטעראַטור און קולטורפראַגן. דערמאָן איך זיך, ווי שלום־עליכם פלעגט זיך אין געשפּרעכן זייער אָנט־שיידן אַרויסזאָגן וועגן דעם, אַז דער אַרטיקל איז גוט אָנגעשריבן, יענער אַרטיקל איז קוואַטש, אַזאַ און אַזאַ דערציילונג אָדער ליד האָט ניט געטאָרט געדרוקט ווערן, אַזעלכע און אַזעלכע טעמעס ווערן צו אָפט באַטראַכט און קאָנען דערעסן דעם עולם, — אָבער אַרויסזאָגן זיך כאָטש מיט איין וואָרט וועגן פּרינציפּיעלע פראַגן, וואָס פלעגן אויפגעהויבן ווערן אין צייטונג, אינטערעסירן זיך מיט פראַגן וועגן ריכטונג, — דאָס דערמאָן איך זיך ניט קיין איינציגן מאָל פון די באַגעגענישן מיט שלום־עליכמ׳ען.

בלויז אַ פּאָר מאָל האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרעסערן אינטערעס ווי געוויינלעך צו אַרטיקלען און פעליעטאָנען, וואָס האָבן אַטאַקירט דעם „פאָרווערטס״ פאַר זיין שונד און געלקייט. אָבער אויך אין די פאַלן האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן קיין ריכטונג־פראַגע. שלום־עליכם האָט, ווי יעדער מער אָדער ווייניגער אָנשטענדיגער שרייבער, נאַטירלעך, ניט גע־קאָנט פאַרטראָגן דעם בלעכענעם גרילץ פון דעם „פאָרווערטס״־לשון.

און ביסלעכווייז בין איך געקומען צום שלוס, אַז שלום־עליכם, וועלכער ווייזט אַרויס אַזאַ גרויסן אינטערעס צו דער צייטונג, אין וועלכער מיר

אַרבעטן אינאײנעם, איז פֿאַראינטערעסירט בלויז אין דעם געשעפֿט, אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער צייטונג, אַלס געשעפֿט־אונטערנעמונג, אָבער בשום אופֿן ניט אין דעם, וואָס די צייטונג האָט מיט זיך דעמאָלט פֿאַרגעשטעלט פֿאַר אירע אָנפֿירנדיגע מיטאַרבעטער, — ניט אין דער אַרבעט, וואָס מיר מאַכן דורך אין דער צייטונג, ניט אין די פֿראַגן, וואָס מיר הויבן אויף און פֿאַר וועלכע מיר קעמפֿן.

האָט זיך סוף 1915 געענדיגט דער קאָנטראַקט, וועלכן שלום־עליכם האָט געשלאָסן מיטן „טאָג" אויף אַ יאָר צייט. מיר, די מיטאַרבעטער פֿון דער צייטונג, זיינען דעמאָלט געווען זייער אומאָנגענעם איבעררעשט, ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז שלום־עליכם האָט נאָך פֿאַרן סוף פֿון זיין קאָנטראַקט אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיט אַלע אַנדערע אידישע צייטונגען, וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין ניו יאָרק, — מיטן „פֿאָרווערטס", „טאָגעבלאַט", „וואַרהייט" און, דאַכט זיך, אויך מיטן „מאָרגן־זשורנאַל". דער סוף פֿון די אונטערהאַנדלונגען איז געווען, אַז שלום־עליכם איז פֿאַרבליבן אין „טאָג", אָבער די באַציאונגען זיינען שוין צוליב דעם געוואָרן אַזעלכע, אַז שלום־עליכם האָט איינמאָל מיט אַ שטעכיגן שמייכל געזאָגט:

— צוויי צייטונגען האָבן זיך געשלאָגן צוליב מיר, דער „טאָג" האָט געוואָלט איך זאָל ווערן אַ מיטאַרבעטער אין „פֿאָרווערטס", און דער „פֿאָרווערטס" האָט געוואָלט איך זאָל בלייבן דוקא אין „טאָג". נו, האָט דער „פֿאָרווערטס" אויסגעפֿירט. . . .

אין דעם דאָזיגן שפּאַס איז געווען מער אמת, ווי עס קאָן אויסזען אויפֿן ערשטן בליק. די אַרויסגעבער פֿון „טאָג" וועלכע זיינען נאָך ניט געווען זיכער צי וועט דער „טאָג" זיך באַפֿעסטיגן, און האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס ביסל געלט, וואָס זיי האָבן אין דער צייטונג אַריינגעלייגט, וועט זיין פֿאַרפֿאַלן, — זיי האָבן באמת געהאַט גאָר אַ קנאַפּן חשק צו באַנייען דעם קאָנטראַקט מיט שלום־עליכמ'ען און האָבן עס אים, ווי עס שיינט, געלאָזט פֿילן אויף אַן עכט באַלעבאַטישן אופֿן. אָפּגעהאַלטן זיי פֿון אָפּזאָגן זיך אָנצושטעלן שלום־עליכמ'ען אויף ווייטער האָט בלויז די מורא, אַז דער „פֿאָרווערטס" וועט אים צונעמען. דער „פֿאָרווערטס" ווידער וואָלט גערן צוגענומען שלום־עליכמ'ען ביים „טאָג", — בלויז כדי דער „טאָג" זאָל אים ניט האָבן, — אָבער ער איז ניט געווען גרייט צו צאָלן דעם פּרייז, וואָס שלום־עליכם האָט געפֿאָדערט.

ווייס איך ניט, וואָס שלום־עליכם האָט דערביי געפֿילט, אָבער פֿון דער זייט איז מיין איינדרוק געווען, ווי ער וואָלט דאָ געהאַנדלט מיט

סחורה. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז עפּעס קרעמער, געשעפטלייט, שול־אידן דרייען זיך אַרום צווישן שלום־עליכמ׳ען און די רעדאַקציעס, וועלכע ער איז גרייט געווען צו פאַרקויפן זיין אַרבעט פאַר אַ העכערן פּרייז. אויף מיר, ווען ס׳איז אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן מיט שלום־עליכמ׳ען וועגן די רעדאַקציע־אַנגעלעגנהייטן, האָט עס געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק.

נאָך שווערער איז דער איינדרוק געוואָרן נאָך אַ באַזוך ביי שלום־עליכמ׳ען אין אָנהויב 1916, איך גלויב — אַרום ענדע יאַנואַר. שלום־עליכמ׳ס געזונט איז דעמאָלט געווען זייער שלעכט, כאָטש וועגן קיין לעבנס־געפאַר האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינער ניט געטראַכט. אין גאַס פלעגט ער דעמאָלט אַרויסגיין זייער זעלטן, כ׳האָב אים שוין אַ פּאָר חדשים ניט געזען און ביין דערפאַר געווען זייער צופרידן ווען ער האָט מיך אַרויסגערופן צו זיך. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב זיך געגרייט פאַרברענגען מיט שלום־עליכמ׳ען אַ „ליטעראַרישן״ אָוונט. וואָרשיינלעך — איך געדענק שוין איצט ניט גענוי — האָב איך געהאַט גרונטן צו דערוואַרטן, אַז מיר וועלן רעדן וועגן ליטעראַטור, — און ווען שלום־עליכם פלעגט זיך אַרויסזאָגן וועגן ליטעראַטור, איז עס דעמאָלט אין מיינע אויגן געווען אַזוי טרעפלעך, אַזוי אינטערעסאַנט, אַז כ׳פלעג געדענקען יעדן וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט.

אַרויסגעשטעלט האָט זיך אָבער עפּעס אַנדערש. שלום־עליכם האָט מיך אויפגענומען אין זיין קאַבינעט און מיך גענומען צעפרעגן, ווי עס האַלט מיט דער צירקולאַציע פון „טאָג״. ער האָט גערעדט מיט גרויס אַפּעטיט וועגן די געשעפטן פון „טאָג״ און אַלע ווילע געגאַנגען צו זיין בעט־טישל טרינקען וואַסער. דערנאָך האָט ער פאַר מיר גענומען אַנטוויקלען אַזאַ מין פּלאַן: אַזוי ווי דער „טאָג״ וואַקסט, און וואַקסן וואַקסט ער דאָך זיכער צוליב שלום־עליכמ׳ען (אַזוי האָט ער טאַקע גערעדט וועגן שלום־עליכמ׳ען, אין דער דריטער פּערזאָן), גלויבט ער, אַז ס׳איז ניט מער ווי רעכט, אַז מען זאָל אים, שלום־עליכמ׳ען, צאָלן עקסטראַ פאַר די לייענער, וואָס ער ברענגט אַריין: לאָמיר זאָגן, אַ פינפערל אַ וואָך פאַר יעדן טויזנט לייענער וואָס קומען צו. און וויסן וויל ער פון מיר אָט וואָס: ווער איז דער אמת׳ער פירער און דער אמת׳ער באַלעבאָס פון „טאָג״, — וואָרים, „איר פאַרשטייט דאָך אַליין, מיר זיינען געקומען אַהער ניט צוליב כבוד, נאָר צוליב די דאָלערלעך . . . ״ און ער האָט אילוסטרירט מיט אַ באַוועגונג פון די פינגער, ווי מע ציילט געלט. . . .

איך מוז זיך מודה זיין: כ׳האָב זיך פאַרשעמט פון דער דאָזיגער אָפנהאַרציקייט פון דעם מענטשן, וועלכער איז צו יענער צייט געווען דער

גרעסטער שרייבער אין דער אידישער ליטעראַטור. כ׳האָב אים געפּרוּווט עפּעס באַמערקן, אַז נאָך אַלעמען קאָן מען דאָך אַזוי פּשוט־געשעפּטלעך ניט צוגיין צו אַ צייטונג, אין וועלכער עס אַרבעטן אויך אַנדערע, אַחוץ אים, און וועלכע אַנדערע האָבן געשאַפן מיט אַ באַשטימטן ציל, איידער ער איז אין איר אַריין. אָבער אויף אים האָט עס ניט געמאַכט קיין איינדרוק. ער האָט מיר גאַנץ געניוי געגומען דערקלערן, אַז ער האָט אַ גרויסע פאַמיליע, אַז ער איז אַ גרויסער בעל־הוצאה, אַז ער אַרבעט צוליב זיינע קינדער און אַז ער ווייסט שלום־עליכמ׳ס פּרייז.

ווען איך דערמאָן זיך איצט וועגן דעם, טראַכט איך, אַז אַזוי האָט אפשר געדאַרפט זיין און אַז אין דעם איז קיין שום בייז ניט געווען. נאָך אַלעמען האָבן דאָך די אַרויסגעבער פון „טאָג" אַוועקגעשטעלט די פאַרבינדונג מיט שלום־עליכמ׳ען אויף אַ ריין געשעפטלעכן באָדן, און שלום־עליכם איז שוין דערצו דעמאָלט געווען זייער קראַנק. ער האָט וואַרשיינלעך וועגן זיין קראַנקהייט און דער געפערלעכער לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך, געוואוסט מער ווי די אַרומיקע. דערצו איז ער געווען אַ טיפּישער אידישער פאַמיליען־פאָטער, איינער פון די, וועגן וועלכן ער אַליין האָט געשריבן: „. . . יעדער איד האָט אַ ווייב און קינדער, און אַז עס קומט צו ווייב מיט קינדער זיינען אידן (מיר מוזן זיך מודה זיין) געפערלעכע עגאָאיסטן. . . ." („קאַסרילעווקער נשרפים".)

ביי מיר איז שטענדיג געווען דער איינדרוק, אַז ווי ליב ער האָט ניט געהאַט ליטעראַטור (און ער האָט זי זייער ליב געהאַט) און ווי שטאַרק ער האָט ניט געטראַכט וועגן זיין שרייבן (און ער האָט וועגן דעם שטענדיג געטראַכט), — האָט ער אָבער מער ווי אַלץ ליב געהאַט זיין פאַמיליע און מער געטראַכט וועגן דעם, וואָס ס׳וועט זיין מיט זיין ווייב און קינדער, ווען ער וועט זיי ניט קאָנען העלפן.

איך ווייס ניט ווי ער האָט זיך עס דערשלאָגן (און אפשר האָט ער זיך עס גאָר ניט געדאַרפט דערשלאָגן), נאָר ווען איר זייט אַריינגעקומען צו שלום־עליכמ׳ען אין הויז זייט איר אַריינגעפאַלן אין אַ קלאַסישער אַט־מאָספערע פון אידישן באַלעבאַטישן שטייגער. אַפילו דאָס, וואָס ער האָט מיט זיין פאַמיליע — מיט די קינדער, יעדנפאַלס, אין דער אָנוועזנהייט פון „פרעמדע מענטשן" — גערעדט רוסיש, אַ טיפּישן אידיש־אוקראַינישן רוסיש, — האָט געהאָלפן מאַכן נאָך בולט׳ער די דאָזיגע באַלעבאַטישע שטייגער־אַטמאָספערע. און לעבנדיג אין אַזאַ אַטמאָספערע, זייענדיג אַליין דער שאַפער אירער, איז פאַרוואָס זאָל ער האָבן געדאַרפט אינטערעסירן זיך מער,

ווי מיט דער געשעפטלעכער זייט פון אַ צייטונג, פון וועלכער ער האָט זיך געפילט באַרעכטיגט צו באַקומען מער, ווי זי האָט אים געצאָלט!

אָבער מיר איז אַזאַ אַטמאָספערע געווען פרעמד, און יעדנפאַלס האָט זי זיך אין מיין פאָרשטעלונג ניט געקלעפּט מיט דעם, וואָס שלום־עליכם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין אונזער ליטעראַטור. נאָך דעם געשפרעך וועגן די „דאָלערלעך" האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז כ'וועל מער אויף קיין געשעפטלעכע געשפרעכן ניט גיין צו שלום־עליכמ'ען, וואָרים זיי האָבן אים יעדעס מאָל אַראָפּגעצויגן פון דעם פּעדעסטאַל, אויף וועלכן ער איז אין מיינע אויגן געשטאַנען.

:: :: ::

שלום־עליכמ'ס „שולד" איז אין דעם פאַל באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אָן איבעריגע אָנשטעלן געזאָגט, וואָס ער טראַכט. עס דערמאָנט זיך מיר דער לעצטער עפנטלעכער אַרויסטריט שלום־עליכמ'ס. דאָס איז געווען אין מאַי 1915, צום שלשים נאָך פּרצ'עס טויט. אין „פאָרווערטס"־האָל איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון אידישע שרייבער, געווידמעט פּרצ'עס אָנדענק. אַ סך שרייבער האָבן זיך אַרויסגע־זאָגט. יעדער איינער האָט גערעדט וועגן דעם ווייטאָג פון פּלוצלונג פאַרלירן פּרצ'ן און יעדער איינער האָט זיך געסטאַרעט איבערשטייגן דעם צווייטן אין זייערע פאָרשלאָגן צו פאַראייביגן פּרצ'ן. צווישן אַנדערע זיינען געווען פאָרשלאָגן וועגן אָנרופן אַ גאַס אויף פּרצ'עס נאָמען, וועגן שטעלן פּרצ'ן אַ דענקמאָל אויף ראַטגערס סקווער, וועגן אַרויסגעבן אַן אַקאַדעמישע אויס־גאַבע פון זיינע ווערק. ס'זיינען געווען אויך גאַנץ פאַנטאַסטישע פאָרשלאָגן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַ געלעכטער אויף דער טרויער־פאַרזאַמלונג גופא.

אינמיטן פאַרזאַמלונג איז אַריינגעקומען שלום־עליכם — כ'דערמאָן זיך ניט אין וועמעס באַגלייטונג, דאַכט זיך אינאיינעם מיט זיין איידעם, בערקאָ־וויטש'ן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעלע, געדולדיג אויסגעהערט עטלעכע רעדעס און פאָרשלאָגן און ווען מ'האָט אים געגעבן אַ וואָרט, האָט ער געהאַלטן אַ קורצע רעדע וועגן פּרצ'ן, וועלכע ער האָט פאַרענדיגט אומגעפער אַזוי:

„וואָס איז שייך מיר, בעט איך אייך, טייערע קאָלעגן, אַז ווען שלום־עליכם וועט אין הונדערט מיט צוואַנציג יאָר אַרום שטאַרבן, זאָלט איר ניט איינאָרדענען נאָך אים אַזעלכע פאַרזאַמלונגען און מ'זאָל ניט מאַכן קיין נאַרישע פאָרשלאָגן, ווי צו פאַראייביקן זיין נאָמען."

און ער האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ איינפאַכקייט און אויפריכטיקייט, מיט אַזאַ שמייכל, אַז קיינעם איז דעמאָלט ניט איינגעפאַלן ניט נאָר צו באַליידיגן זיך, נאָר אַפילו צו באַמערקן, אַז ער האָט געזאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס איז ניט אין פּלאַץ.

אגב, אין פאַרבינדונג מיט די באַציאונגען צווישן פּרץ'ן און שלום־עליכמ'ען דערמאָנט זיך מיר:

געווען איז עס זומער פון 1911. כ'האָב געטראָפן פּרץ'ן שפּאַצירנדיג אין זאַקסישן גאָרטן, אין וואַרשע. פּרץ האָט זיך דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן פון אַרבעט וועגן געלעכטער ביי אידן. ס'איז געקומען צו רייד וועגן שלום־עליכמ'ען און וועגן דעם סוד פון זיין דערפאָלג ביים עולם. פּרץ האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז קיין עלעמענטן פון אמת'ן קאָמיזם זיינען אייגנטלעך ביי שלום־עליכמ'ען ניטאָ. ער איז נאָר פּאַטעטיש אין אַזעלכע קליינינקייטן, אַז עס באַשאַפט זיך אַן איינדרוק פון קאָמיזם.

— אָבער פאַרוואָס לאַכט דער לייענער אַזוי האַרציג מיט שלום־עליכמ'ען?

— פאַרוואָס, פאַרוואָס . . . — האָט פּרץ אַביסל אומגעדולדיג געענטפערט, — דאָס פאָלק האָט נאָך אַלעמען ליב זיך אַליין און שלום־עליכם דערלאַנגט אים זיינע אייגענע ווערטער, זיין אייגענעם אַרט דענקען און רעדן. . . .

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָב איך געהערט פּרץ'ן דערציילן:

— שפּאַציר איך איינמאָל אין גאָרטן אין נערווי (איטאַליע) און טרעף אָן שלום־עליכמ'ס אַ טאָכטער. האַלט זי עפּעס אַ בוך אין האַנט. גייען מיר שוין אינאיינעם און איך פרעג זיך נאָך אויף שלום־עליכמ'ען. רופט זי זיך פּלוצלונג אָפּ אויף רוסיש:

— איר ווייסט, פּאַפּאַטשקאַ איז דאָך טאַקע זייער אַן אינטערעסאַנטער שרייבער.

— פונוואַנען ווייסט איר עס? — פרעג איך איר.

— אָט, איך לייען איצט זיינע „בלוזשדאַיושטשיא זוויאָזדי” . . . (אַ רוסישע איבערזעצונג פון שלום־עליכמ'ס ראָמאַן „בלאָנדזשענדיגע שטערן”.)

פּרץ האָט וועגן דעם דערציילט מיט סאַרקאַזם, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט דאָ געמיינט ניט דאָס בלויז, וואָס שלום־עליכמ'ס טאָכטער באַקענט זיך מיט איר פאָטער'ס ווערק דורך אַ רוסישער איבערזעצונג, נאָר זיין אייגענע דראַמע, — וואָרים פּרצ'ס זון האָט זיינע ווערק ניט געלייענט אַפילו אין קיין איבערזעצונג אויך ניט. . . .

---

בין איך געשטאַנען אויף דער וואַך ביי שלום־עליכמ׳ס קערפּער אין זיין הויז, בין נאָכדעם נאָכגעגאַנגען נאָך זיין אָרון אויף דער לויה, און אַלץ געטראַכט און געפּרואווט זיך דערמאָנען: וואָס־זשע פּאָרט פאַר אַ טענות האָב איך געהאַט צו שלום־עליכמ׳ען? מיט וואָס בין איך אין אים געווען אומצופרידן דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן? און כ׳האָב זיך אין יענעם מאָמענט ניט געקאָנט דערמאָנען. וואָרים אַלע טענות זיינען געווען אַזוי אומבאַדייטנדיג אין פאַרגלייך מיט דעם קאָלאָסאַלן פאַרלוסט, וואָס מיר האָבן געליטן דורך שלום־עליכמ׳ס פלוצלונגדיגן אַוועקגיין. צענדליגער טויזנטער מענטשן פון אַלע קלאַסן, — און צווישן זיי זייער פיל, אויב ניט די מערסטע, אַרבעטער — האָבן געהאַלטן אין איין ציען, ווי אַן אומענדלעכע קייט, פאַרביי שלום־עליכמ׳ס קערפּער. ניט ווייניגער ווי אַ הונדערט טויזנט און אפשר מער האָבן באַגלייט זיין לויה. ס׳איז געווען אַן אמת׳ער גרויסער פאָלקס־טרויער, וואָס האָט אויף אַ ווײַלע געמאַכט צו פאַרגעסן אַפילו אָן די שווערע בלוטיגע ידיעות, וואָס האָבן געהאַלטן אין אָנקומען פון יענער זייט ים פון די אידישע געגנטן, אין וועלכן די באַגנעטן פון קריג האָבן זיך איינגעשניטן. און ס׳דערמאָנט זיך ווי די דעמאָלטיגע ניו יאָרקער „גלאָוב" האָט געשריבן מיט אַ פּראַכטפולער עם־הארצות:

„ס׳איז געשטאָרבן מיסטער אַלייכעם. ער איז געווען אַ באַרימטער אידישער דראַמאַטורג, ווי אויך אַ פּאָליטישער און גייסטיגער פירער פון זיין פאָלק. צוליב זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף געגן צאַריזם איז ער געצוואונגען געווען צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע. און אין די לאַנגע יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט צווישן די סלאָמס פון דער איסט־סייד, איז ער זייער געאַכטעט געווען פון זיינע גלויבנס־גענאָסן, וואָס פלעגן שטענדיג קומען באַראַטן זיך מיט אים וועגן זייערע פּאָליטישע פּלענער בנוגע דער אַלטער היים."

:: :: ::

וואָס איז געווען שלום־עליכם? וואָס פאַר אַ פּלאַץ האָט ער פאַרנומען אין דער אידישער ליטעראַטור?

אינאיינעם מיט מענדעלע׳ן איז ער געווען איינער פון אירע שעפער. און ניט נאָר מיט זיינע אייגענע ווערק, נאָר אויך דורך זיין קאַמף אַנטקעגן די אַלע עלעמענטן, וואָס האָבן לויט זיין מיינונג געהאַלטן די אידישע ליטע־ראַטור אין אַ נידעריגן צושטאַנד. אַזוי איז באַקאַנט זיין „משפט איבער שמר׳ן", זיין קאַמף געגן „שאָמעריזם", געגן אומקינסטלערישן שונד אין

דער ליטעראַטור כמעט ביים סאַמע אָנהויב פון זיין שרייבן, אין אָנהויב פון די 80ער יאָרן. פון דער אַנדער זייט איז ער געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך באַמיט צו שאַפן אַן ערנסטע טריבונע פאַר דער אידישער ליטעראַטור, און די זאַמלביכער פון דער „אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק”, וואָס שלום־עליכם האָט אַרויסגעגעבן אין סוף פון די 80־ער און אין אָנהויב פון די 90־ער יאָרן, האָבן געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין אויסזוכן טאַלאַנטפולע שרייבער אין אידיש און אין שאַפן פאַר זיי אַ לייענער־קרייז.

וויכטיג פאַר שלום־עליכמ׳ס גאַנצער אַנטוויקלונג איז געווען זיין פאַרבינדונג מיט מענדעלע מוכר ספרים. דאָס האָט ער, נאָך ניט זייענדיג פערזענלעך באַקאַנט מיט מענדעלע׳ן, אים געקרוינט מיטן נאָמען „זיידע” און זיך באַצייכנט אַלס זיין „איניקל”, — און פון זיין „גרינגער האַנט” זיינען אָט די נעמען שוין פאַרבליבן אין דער ליטעראַטור. און עס איז זייער וואַרשיינלעך, אַז ווען ניט שלום־עליכמ׳ס כסדר׳דיגע פלענער, אויפפאָדערונגען און דערמוטיגונג, וואָלט דער „זיידע”, וואָס איז ביי זיך געווען זייער אַראָפּגעפאַלן דורך די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַנטוישונגען פון אָנהויב פון די 80־ער יאָרן, ניט געווען אַזוי פּראָדוקטיוו און שעפעריש, ווי ער האָט זיך אַרויסגעוויזן גראַד אין דער צווייטער העלפט פון די 80־ער יאָרן.

שלום־עליכם האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון מענדעלע׳ן און האָט ביי אים געלערנט זייער אַ סך. אין זיין פאָררעדע צום ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי” (אין דעצעמבער, 1889) שרייבט שלום־עליכם: „איך ווייס ביי מיר זייער גוט, אַז איך האָב נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעפאָלגט דעם זיידן, רב מענדעלע׳ס כלל, אַז „אַ ווערק דאַרף מען פיילן און פיילן.” (אונטערגעשטראָכן פון שלום־עליכמ׳ען.) די נאָענטקייט צו מענדעלע׳ן האָט זיך אויסגעדריקט אויך אין דעם, וואָס שלום־עליכם האָט אויף זיין אייגענעם שטייגער באַאַרבעט אַ גאַנצע ריי טעמעס, וואָס זיינען פריער אָנגעצייכנט און אַנטוויקלט געוואָרן ביי מענדעלע׳ן, ווי למשל: די כאַראַקטעריסטיקעס פון די אידישע שטעט, קאַסרילעווקע און יעהופּעץ אַלס די ווייטערדיגע אַנטוויקלונגען פון מענדעלע׳ס קאַפּצאַנסק און גלופּסק; די מעשה מיטן שדכן, וואָס האָט צונויפגעפּאָרט אַ מיידל מיט אַ מיידל; די כאַראַקטעריסטיקעס פון פאַרשיידענע שטאָטישע שיינע לייט; די סעריע „די רויטע אידעלעך”, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַ וואַריאַנט פון מענדעלע׳ס „מסעות בנימין השלישי”, א. אַז. וו.

שלום־עליכם האָט געקענט אַזוי אויסנוצן מענדעלע׳ס טעמעס און אַזוי

נאָענט צוגיין צו מענדעלע׳ן, אַזש ביז צום רעכענען זיך פאַר זיין ליטעראַ־רישן אייניקל, ווייל צווישן זיי איז אויף אַן אמת׳ן געווען אַ גרויסע קרובה׳־שאַפט.

זייערע באַציאונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אין אָנהויב פון יאָר 1888, ווען שלום־עליכם, וואָס איז דעמאָלט צוליב זיינע בערזע־געשעפטן געווען אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער מענטש, האָט גענומען צוגרייטן די אויסגאַבע פון זיין „פאָלקס־ביבליאָטעק״ און האָט באַשלאָסן אונטער אַלע אומשטענדן אַריינצוקריגן פאַר אַ מיטאַרבעטער מענדעלע׳ן, וועלכער האָט פאַר דעם שוין עטלעכע יאָר געשוויגן. אין אַ בריוו צו זיין פריינט הערמאַן באַראַץ, אין קיעוו, פון 21טן פעברואַר, 1888, באַמערקט מענדעלע: „אַז איך האָב זיך גענומען פאַר דער דאָזיגער שווערער אַרבעט (פון איבערדרוקן זיינע אַלטע ווערק) האָט זיך אין מיר דער גייסט ווידער אָנגעהויבן צו דערוועקן איצט אויף דער עלטער, אַזוי ווי אַמאָל, און איך האָב פאַרפאַסט אַ נייע דערציילונג מיטן נאָמען „פישקע דער קרומער . . . ״ *)

שלום־עליכם, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין קיעוו, האָט זיך וואַרשיינלעך דערוואוסט פון באַראַצ׳ן וועגן מענדעלע׳ס „דערוועקונג פון גייסט״ און האָט אים גענומען באַמבאַדירן מיט בריוו, אין וועלכע ער האָט געפאָדערט, אַז מענדעלע זאָל נעמען שרייבן פאַר זיינע זאַמלביכער. מענדעלע פעסטיעט זיך, ווייל כלומרשט ניט שרייבן, זוכט אויסריידן פאַרוואָס ער קאָן ניט שרייבן, אָבער אין דער אמת׳ן ווילט זיך אים זייער שרייבן, כאָטש „אַז איך שרייב איבער מיין אומגליקלעך פאָלק טריפט מיר דערביי דאָס בלוט; לאָך איך קלאָמפערשט, איז דאָס אַ ביטער געלעכטער מיט גרינע ווערים, ביי איטלעכן מאָך מיט דער פעדער ווערט מיר אַ לאָך אין האַרצן און שרייבנדיג מיט אַ ברען, ברען איך טאַקע דערווייל אַליין, און גיי ביסלעכווייס אויס ווי אַ ליכט. . . . ״ (בריוו פון 20טן מערץ, 1888.)

אין דעם זעלביגן בריוו קלאָגט ער זיך, אַז ער איז זייער באַשעפטיגט אין זיין שולע און אויך אין היימישע און כלל־זאַכן און אים איז דערפאַר זייער שווער אָנצושרייבן אַ וואָרט.

אַ סך שפּעטער, אין אַפּריל 1920, ווען שלום־עליכם בעט ביי מענדעלע׳ן

---

*) די ציטאַטן פון דעם בריוו און אַלע ווייטערדיגע ציטאַטן זיינען גענומען פון מענדעלע׳ס בריוו, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זאַמלבוך „שריפטן״, ערשטער באַנד, קיעוו, 1928, אויסגאַבע פון דער קאַטעדרע פאַר אידישער קולטור ביי דער אַלאוקראַינישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע.

צושיקן אים זיין ביאָגראַפּיע, ענטפערט אים מענדעלע אין דעמזעלביקן טאָן, ווי אין דעם ערשטן בריוו: „איר זייט מיר מכבד מיט אַזאַ אַרבעט, וואָס איז היינט איבער מיינע כחות, קאַרג האָב איך אויף מיר אָן דעם אויך. איך האָב ערשט קיין צייט ניט צו עטעמען, דעם שרייב, יענעם שרייב, דאָ פיר אַ שולע, דאָ האַלט דרשות, גיי זיי אַ שטאָט־בעל־טובה. אוי, וואו נעמט מען כחות.״

דערפאַר ווען ראַוויצקי ווענדט זיך צו שלום־עליכמ׳ען אין סעפּטעמבער 1903, מיט אַ בקשה, אַז ער, שלום־עליכם, זאָל אים צושיקן זיינע אויטאָ־ביאָגראַפישע נאָטיצן, ענטפערט שלום־עליכם מיט אַ מין וואַריאַנט פון מענדעלע׳ס בריוו:

„... און דריטנס בין איך, לא עליכם, שטאַרק פאַרטאָן אין עסק. טאָקע אין ליטעראַטור. צי גוט, צי שלעכט, נאָר סע שרייבט זיך אַ סך ... אַ חסרון, די צייט איז ניט גוט און ביי אונזער פאָלק אין דרויסן איז כמאַרנע, גלוסט זיך ניט לאַכן, און אַז סע לאַכט זיך, לאַכט זיך מיט יאַשטשערקעס... היינט דאָס איבערשרייבן זיך מיט אונזערע גדולים, די אידן און, להבדיל, די גויים, נעמט צו ביי מיר אַ גוזמא צייט.... ״

די ענלעכקייט צווישן מענדעלע׳ס ענטפער און שלום־עליכמ׳ס איז זיכער ניט קיין צופעליגע. ס׳איז קיין צווייפל ניט, אַז שלום־עליכם האָט געדענקט מענדעלע׳ס ענטפער אויף זײַנע ענלעכע בקשות און האָט באַוואוסטזיניג געענטפערט אין זיין סטיל.

די באַציאונגען צווישן די צוויי שרייבער, וועלכע האָבן זיך פריער ניט געקענט, האָבן זיך איינגעשטעלט זייער שנעל. שלום־עליכם האָט אָנגערופן מענדעלע׳ן „זיידע״, און אַזוי איז שוין דער נאָמען פאַרבליבן. מענדעלע האָט שלום־עליכמ׳ען אויך געגעבן אַ נאָמען, וועלכן ער חזר׳ט איבער כמעט אין יעדן בריוו זיינעם, אפשר נאָך אָפטער ווי שלום־עליכם באַנוצט דאָס וואָרט זיידע. דער נאָמען איז: אחשתרן, וואָס אויף אידיש מיינט עס אַ שנעל־לויפער, איינער וואָס איילט זיך סכנת נפשות. דער נאָמען איז געווען אַ געלונגענער, ער האָט זיך זייער געפּאַסט צו שלום־עליכמ׳ס אימפּעט, אָבער ער האָט זיך ניט צוגעקלעפּט.

אין די ערשטע בריוו צו שלום־עליכמ׳ען קלאָגט זיך מענדעלע כסדר: „אַ גאָט העלף אייך, הייסער פאַרשייטער אייניקל! איר פאַרוואַרפט מיך מיט בריוו, אַלץ אין איין אָטעם: שרייב, שרייב, שרייב!״ אָבער כאָטש ער קלאָגט זיך, שרייבט ער פונדעסטוועגן און פאַרגעסט ניט כסדר צו געבן שלום־עליכמ׳ען

עצות, ווי צו שרייבן. אין אַ בריוו פון 20טן יוני, 1888, שרייבט ער שלום־עליכמ׳ען:

„לעת עתה האָב איך נאָר געלייענט אייערס אין דעם „הויזפריינד" און נישקשה, ס׳איז מיר געפעלן. מע זעט ערטערווייז, אַז אין דעם אייניקל רינט דעם זיידענ׳ס בלוט. מיט אַ קניפּ אין בעקעלע זאָג איך אייך: אַ וואויל אייניקל, נישקשה! אַ האָפענונג צו גאָט, אַז דער זיידע וועט פון אייך אויף דער עלטער גרויס נחת האָבן!"

אין אַ בריוו פון 28טן יוני, 1888, שרייבט ער שוין צו שלום־עליכמ׳ען:

„אַצינד לייען איך אייערע ספרים, פון פיל זאַכן האָב איך שטאַרק הנאה . . . „שמר׳ס משפט" איז גוט, נאָר די פאָרמע פון פּריסיאַזשנעם סוד (געריכט פון געשוואָרענע.—מ. כ.) געפעלט מיר ניט. ס׳איז ניט אידיש(?). אָן דעם וואָלט געווען פיל בעסער . . . איך וואָלט אייך געראַטן קיין ראָמאַנען ניט שרייבן. אייער זשאַנר איז גאָר עפּעס אַנדערש. איר זייט דאָך (ווי איר זאָגט אַליין) מיין אייניקל. איר פאַרשטייט וואָס דאָס הייסט? פאַרשטייט־זשע טאַקע און פאָלגט דעם זיידן, וועט איר אם ירצה השם זיין אַ כלי שלמה (אַ גאַנצע כלי.—מ. כ.). איבערהויפּט — טרייסט מענדעלע שלום־עליכמ׳ען, — טויגן אַלע „אידישע ראָמאַנען" אויף כפרות . . . אויב ס׳איז דאָ ביי אונזער פאָלק ראָמאַנען, זיינען זיי עפּעס גאָר אַנדערש, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער."

נאָך גענויער האָט זיך מענדעלע אַרויסגעזאָגט וועגן שלום־עליכמ׳ס טאַלאַנט און אַרט שרייבן אין אַ ווייטערדיגן בריוו פון 17טן יאַנואַר, 1889:

„ . . . איבערהויפּט איז „סטעמפּעניו" (שלום־עליכמ׳ס אַ יוגנטלעכער ראָמאַן.—מ. כ.) אַ געראָטענע זאַך. עס זיינען אין אים דאָ שטעלן אַזעלכע, וואָס ווייזן באַשיינפּערלעך, אַז גאָט האָט אייך געבענטשט מיט אַ פילענדער האַרץ, און אַז איר האָט דעם ברען, דאָס פינטעלע פּאָעזיע, און דער פונק פייער אין אייך וועט זיך מיט דער צייט צעברענען, צעפלאַקערן. דער זיידע וועט זיך שמעלצן און גאָר אַנקוועלן, וואָס ער האָט מגדל געווען אַזאַ גוט אייניקל. נאָר פיל שטעלן אָבער זיינען דאָ זייער אָפּגעבליאַקעוועטע, אַזעלכע וואָס מען דאַרף זיי גוט אויסבעסערן, אויך אַזעלכע, וואָס מען דאַרף זיי אינגאַנצן אַרויסוואַרפן. פיל שטעלן זיינען געצייט מיט שבת־שטעך און ס׳זעט זיך אַרויס אין זיי די פאָסטריגעס, דערינען איז שוין שולדיג דאָס, וואָס איר זייט פון די „אחשתרנים."

„ . . . פאָלט ביי זיך פונדעסטוועגן דערפון נישט אַראָפּ. איר האָט טאַלאַנט, אַ גרויסן טאַלאַנט. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל טאַקע בפירוש:

ראָמאַנען שרייבן איז ניט פאַר איך, אייער זשאַנר איז גאָר עפּעס אַנדערש. וואו איר באַשרייבט דאָס לעבן איז אַ פאַרגעניגן צו לייענען. ס׳איז דאָ וויץ, הומאָר. אָבער וואו איר שפּילט אַ ליבע, קומט אויס גאָרנישט.״

איך האָב געבראַכט די אַלע כאַראַקטעריסטיקס, וואָס מענדעלע גיט שלום־עליכמ׳ס אַרבעט, ניט נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען אין עצם ריכטיג, נאָר אויך ווייל זיי ווייזן, ווי ענג עס זיינען ליטעראַריש געווען צונויפגעבונדן די צוויי וויכטיגסטע קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור.

⁂

פאַרוואָס האָט זיך צווישן זיי איינגעשטעלט אַזאַ נאָענטקייט? דערפאַר, וויילביידע האָבן געהאַט צו טאָן מיט דעמזעלביגן מאַטעריאַל און האָבן אין אַ גרויסער מאָס באַנוצט זיך מיטן זעלביגן זשאַנר: ביידע רעכענען פאַר זייער שטאַרקסטן געווער דעם געלעכטער און ביידע פילן אָפט, אַז עס לאַכט זיך מיט יאַשטשערקעס. אמת, דער געלעכטער איז בייביידן ניט איינער און דער זעלביגער. בעת ביי מענדעלע׳ן איז דער געלעכטער אַ שטראָפנדיגער, אַ סאַטירישער, איז ער ביי שלום־עליכמ׳ען אַ טרייסטנדיגער, אַ הומאָריסטישער.

אָבער סיי ביי שלום־עליכמ׳ען, סיי ביי מענדעלע׳ן איז דער געלעכטער ניט געווען די הויפּט־זאַך, און ניט קיין זעלבסט־צוועק. זייער הויפּט־צוועק איז געווען „באַשרייבן דאָס לעבן״ מיטן צוועק עס צו ענדערן. זיי זיינען אין גרונט ביידע געווען רעאַליסטן און האָבן געהאַט צו טאָן מיט דעם זעלביגן מענטשלעכן מאַטעריאַל. ניט מער: די סביבה, וואָס שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן באַשרייבן אין סוף פון די אַכציקער יאָרן, איז שוין געווען ווייט ניט די זעלביגע, מיט וועלכער מענדעלע האָט געהאַט צו טאָן מיט 25 יאָר פאַר אים.

דער רוסישער קאַפּיטאַליזם האָט צום סוף פון די 80־ער יאָרן געמאַכט גרויסע טריט פאָראויס. די רעשטלעך פון פעאָדאַליזם, באַזונדערס אין די שטעט און שטעטלעך, זיינען נאָך דער אָפּשאַפונג פון דער פויערשער שקלאַפעריי אין 1861 היפש צעטרייסלט און צעבראָכן געוואָרן. איינאיינעם דערמיט האָט דאָס אידישע שטעטל פאַרלאָרן די איינגעשלאָסנקייט און זעלבסט־באַגנוגענקייט, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגעצייכנט ביי מענדעלע׳ן. ביי מענדעלע׳ן האָט קאַבצאַנסק זיך נאָך געקאָנט באַטראַכטן פאַרן פּופּיק פון דער וועלט, פאַר דעם אויבערשטן פון כריין און קוקן אין זיין אומוויסנקייט פון אויבן אַראָפּ אויף גאָר דער רעאַלער וועלט. מענדעלע האָט עס ניט געקאָנט צוזען, האָט ער דעריבער מיט גוואַלד געריסן די

צודעקן פון די קאַבצאַנסקער אויגן, ער האָט געוועקט און געשטורכעט און בייז אויסגעלאַכט זיינע טונעיאַדעווקער און גלופּסקער אידן.

אַנדערש איז עס געווען אין שלום־עליכמ׳ס צייט. קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע און גלופּסק (ביי שלום־עליכמ׳ען: קאַסרילעווקע, מאַזעפּעווקע און יעהופּעץ) האָבן שוין געעפנט די אויגן, זיי האָבן שוין דערוואוסט זיך, אַז אַ וועלט שטייט ניט אויף אַן אָרט, און אַז די וועלט, וואָס איז אויסער זיי, איז זייער אַ גרויסע. זיי האָבן זיך צו אָט דער וועלט, — דער קאַפּיטאַליס־טישער וועלט, וואָס האָט אין זייערע אויגן פאַרקערפּערט אַלץ וואָס עס איז שיין און פיין און אַנגענעם, — זיי האָבן זיך צו איר געריסן מיט אַלע כחות. אָבער די כחות זיינען געווען זייער נישטיקע און די מעגלעכקייטן זיינען געווען אַ סך קלענער פון דעם חשק. קאַסרילעווקע האָט זיך צעיאָגט מיט אַ זייער שטאַרקן, מיט אַן „אחשתרנ׳ישן”, מיט אַ מנחם־מענדלשן אימ־פּעט, זי האָט זיך געיאָגט מיט אַלע כחות, אָבער אַז זי האָט זיך אַרומגע־קוקט האָט זי דערזען, אַז זי איז געבליבן זיצן אין דער אַלטער בלאָטע. ס׳האָבן איר אויסגעפּעלט די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטור־מיטלען צו דערגרייכן איר „אידעאַל”, און איר שטעקן אין דער אַלטער בלאָטע איז אָפּט געוואָרן קאָמיש, אָדער גיכער: טראַגיקאָמיש.

דאָס אידישע קליינבירגערטום, די מיטעלע שיכטן, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען די לאַגע טראַגיש, וואָרים זי איז ניט געווען אויסזיכטלאָז. דער קאַפּיטאַליזם אַרום האָט זיך געהאַלטן אין שנעלן אַנטוויקלען און מנחם מענדל האָט געקאָנט אָנהאַלטן דעם בטחון. אָבער דערווײַלע איז געווען ביטער, און אויב מ׳האָט ניט געוואָלט וויינען, האָט מען געמוזט לאַכן פון די אייגענע צרות.

די לאַגע אינמיטן פון די אָפּגענאַרטע 80־ער יאָרן, איז אין אידישן לעבן געווען רייף פאַר אַ הומאָריסט, פאַר אַ מענטשן וואָס ווייסט און וויזט ווי צו לאַכן פון זיך אַליין. און אָט די לאַגע האָט אַרויסגערוקט שלום־עליכמ׳ען. שלום־עליכמ׳ס איינגעבאָרענער הומאָריסטישער טאַלאַנט, זיין פעיאיקייט צו לאַכן, האָט געפונען פאַר זיך דעם פּרוכטבאַרסטן באָדן אין דער באַשרייבונג פון דעם אידישן שטעטל, פון דער אידישער קליינבירגער־לעכער געזעלשאַפטלעכקייט.

שלום־עליכמ׳ען האָט מען אָפּט פאַרגלייכט מיט מאַרק טוויינ׳ען, און מיט רעכט. פּונקט ווי מאַרק טוויין איז שלום־עליכם געווען ניט נאָר אַ מענטש פון זיין צייט, נאָר אויך אַ טיפּישער פאָלקס־מענטש, און ער האָט אינאיינעם מיט זיין קלאַס דורכגעמאַכט זיינע אַנטוויקלונגען, דערגרייכונגען

און אַנטוויקלונגען. פון שלום־עליכמ׳ס ביאָגראַפיע קאָנען מיר בשום־אופן ניט אויסשטרייכן דעם פונקט, אַז ער האָט „געברענט״: פריער „געברענט מיט צוקער״, געברענט מיט געשעפטן, מיט נגיד׳ישע האָפענונגען און אויסזיכטן, און דערנאָך פלוצלונג „אָפּגעברענט״ אַזוי, אַז זיין פען איז געבליבן זיין איינציגער שפּייזער. ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג דאָס, וואָס הונדערטער טויזנטער אידישע מיטל־קלאַס מענטשן האָבן דורכגעמאַכט, און ער האָט געקאָנט זיין קלאַס מיט אַלע פּישטשעווקעס און גענגעלעך, אפשר בעסער ווי ער האָט געקאָנט זיך אַליין.

אין דער שוין־דערמאָנטער פאַררעדע צו „יאָסעלע סאָלאָוויי״ גיט ער זיך אַליין די פאָלגנדיגע כאַראַקטעריסטיק:

„. . . איך ווייס ביי מיר זייער גוט, אַז איך האָב ניט אינגאַנצן אויסגעפאָלגט דעם זיידן, רב מענדעלע׳ס כלל, אַז „אַ ווערק דאַרף מען פיילן און פּיילן״, — מחמת צוויי טעמים: ראשית, דערלאָזט ניט די צייט, מען איז דאָך ניט מער ווי אַ זינדיגער מענטש, מ׳שטיינס געזאָגט און בסך־הכל נאָר אַ האַלבער שרייבער, דאָס הייסט, האַלב סוחר און האַלב שרייבער, ווי געווינלעך ביי אידן. . . . והשנית איז מען דאָך טאַקע, צווישן אונז רעדנדיק, יונגע לייט, מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין צייט ניט, אחשתרנים, אַלץ געיאָגט, געכאַפּט, אין איין מורא מע זאָל חלילה ניט פאַרשפּעטיגן . . . ״

שלום־עליכם רעדט דאָ זייער אויפריכטיג און אָפנהאַרציג. ער פּרואווט זיך אויף אַ האָר ניט צופּוצן. און אָט די אויפריכטיקייט און אָפנהאַרציקייט דרינגט דורך זיין גאַנצן שרייבן. ער פאַרשטעלט זיך ניט, ער זוכט ניט קיין ספּעציעלע סיטואַציעס, ער דערציילט בלויז ווי די זאַך איז און ווי ער אַליין, דורך זיינע אייגענע פאַרשווינען, באַנעמט זיין לאַגע. דער הומאָר נעמט זיך ס׳רוב ניט דערפון, וואָס ער דערציילט עטוואָס אַזוינס, וואָס איז פאַר זיך געגומען קאָמיש, און ניט דערפון, ווייל ער סטאַרעט זיך צו מאַכן קאָמיש אַן ערנסטע סיטואַציע. ער נעמט זיך דערהויפּט פון דער איבערטריבענער פּשטות, פון דער בוכשטעבלעכקייט, מיט וועלכער ער באַשרייבט אַ געגעבענע סיטואַציע.

⁂ ⁂ ⁂

ווען איינער פרעגט אייך, למשל: „העלאָ, וואָס מאַכט איר?״ און איר ענטפערט אים: „אַ דאַנק, נישקשה״, — איז עס אַ געוויינלעכע זאַך, אין וועלכער ס׳איז ניטאָ קיין שום קאָמיזם. נאָר ווען איר וועט נעמען די פראַגע „וואָס מאַכט איר?״ בוכשטעבלעך און וועט פּרובירן אָפּנעמען ביי דעם מענטשן אַ האַלבע שעה מיט אַ געגויעם באַריכט וועגן דעם, ווי איר

פילט זיך אין געזונט, וואָס איר האָט היינט געגעסן, ווי עס גייען אייערע געשעפטן, א. אַז. וו.. ווען מיר אַלע ווייסן, אַז דער וואָס האָט אייך באַגריסט, האָט גאָר ניט געמיינט און איז גאָר ניט פּאַראינטערעסירט אין די אַלע פּרטים, — דעמאָלט ווערט די זאַך קאָמיש.

נעמט שלום־עליכמ׳ס באַרימטן מאָנאָלאָג „דאָס טעפּל", וועגן דער אידענע, וואָס איז געקומען פרעגן דעם רב א שאלה וועגן אַ טעפּל און נוצט דערווייל אויס די געלעגנהייט כדי אויסדערציילן דעם רב וועגן איר גאַנצער שווערער לאַגע. א חוץ אַ פּאָר אויסדרוקן איז דאָרטן ניטאָ קיין איין זאַך, פון וועלכער מען דאַרף לאַכן. אָבער דער לייענער לאַכט אַלץ מער און מער, וואָס ערנסטער און דעטאַליזירטער עס ווערט דער באַריכט פון דער אידענע וועגן איר לאַגע.

אָט דער דאָזיגער מעטאָד פון נעמען זאַכן בוכשטעבלעך, פון איבערגעבן די קלענסטע פּרטים און דערמיט גופא צו באַווייזן זייער אומוויכטיקייט און אומבאַדייטנקייט, איז אייגנטלעך דער הויפּט־מעטאָד מיט וועלכן שלום־עליכם דערשלאָגט זיך דעם נויטיגן הומאָריסטישן עפעקט אין זיינע ווערק.

דערמאָנט זיך דעם אָנהויב פון זיין ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי":

„אַזעלכע אויסבערענגער, ווי די באַלעבאַטים פון דער קאַלטער שול אין מאַזעפּעווקע, איז שווער צו געפינען אין דער גאַנצער וועלט. „וואָס זיי קאָסט אָפּ אַ יאָר חזנים" — אַזוי זאָגט מען אין שטאָט — „וואָלט זיך דאָס יעדער געמעגט ווינטשן צו האָבן אויף זיין אייגנס."

דער דאָזיגער אַריינפיר גיט שוין דעם טאָן דער גאַנצער געשיכטע. מען שמייכלט שוין ביי די ערשטע פּאָר שורות. פאַרוואָס? איז דען עפּעס דאָ לעכערלעכעס אין דעם, וואָס די באַלעבאַטים פון דער קאַלטער שול גיבן אויס געלט אויף חזנים? ניין, פאַרשטייט זיך. אָבער, ווען מען דער־מאָנט זיך, אַז „די גאַנצע וועלט" וועגן וועלכער שלום־עליכם דערציילט, איז סך־הכל דאָס שטיקל מאַזעפּעווקע, וואָס איז גרויס ווי אַ גענעץ; אַז „די באַלעבאַטים פון דער קאַלטער שול" זיינען די ריכטיגע קבצנים, וואָס ניט נאָר קאָנען זיי ניט אויסבערענגען, נאָר זיי האָבן געוויינלעך אַפילו ניט אויף דער טעגלעכער הוצאה; און אַז די מאָס פון זייער אויסבערענגעריי, — דאָס געלט, וואָס זיי גיבן אויס יעדעס יאָר אויף חזנים — איז אַזאַ, אַז יעדער (דאָס הייסט, יעדער מאַזעפּעווקער קבצן) וואָלט זיך געמעגט ווינטשן צו האָבן זיין אייגנס, — ווען מען דערמאָנט זיך אָן דעם, מוז מען שמייכלען איבער די גוואַלדאָוונע רייכע השגות פון די אָרעמע מאַזעפּעווקער.

דעם זעלביגן פּשוט׳ן מעטאָד געפינען מיר אין אַלע ווערק שלום־

עליכמ׳ס, — און אָט די פּשטות פון דער געשיכטע מוז אַפּעלירן צום לייענער און אים מאַכן פאַר אַ מין מיטשמועסער מיטן אויטאָר.

אַ צווייטער שטריך, וואָס האָט שטענדיג אַפּעלירט צו שלום־עליכמ׳ס לייענער, איז זיין טיפע סימפּאַטיע צום אָרעמאַן, צום פּועל, צום האָרעפּאַש־ניק, צום אונטערדריקטן און ספּעציעל צום קינד. ווען נאָך איז אַזוי גרינג צו באַליידיגן ווי אַ קינד פון אַן אָרעמאַן? שלום־עליכמ׳ס קינדער־העלדן זיינע אַלע, אָן אויסנאַם כמעט, קינדער פון אָרעמע לייט, אָרעמע קינדער, וועמען עס לעבט זיך שווער און וועלכע טראָגן אויף זיך דעם דאָפּלטן יאָך פון זייערע עלטערנס אָרעמקייט און פון זייער אייגענער הילפ־לאָזיקייט. דאָס אָרעם קינד מיט זיינע פריידן און ליידן, מיט זיינע אַנטוי־שונגען און האָפענונגען, האָט פאַר שלום־עליכמ׳ען אַן שום צווייפל סימ־באָליזירט די ברייטסטע אידישע אָרעמע מאַסן, צו וועלכע ער האָט געפילט די שטאַרקסטע סימפּאַטיע זיין גאַנץ לעבן. און דערפאַר האָט שלום־עליכם זיך געקאָנט אַזוי אידענטיפיצירן מיט אַן אָרעם קינד — ער האָט זיך צוליב דעם ניט געדאַרפט פאַרשטעלן, אָדער אַראָפּלאָזן זיך צום שטאַנד פון אַ קינד. ער פלעגט זיך בלויז דערמאָנען אָן זיין אייגענער קינדהייט און פלעגט אַליין ווערן אַ קינד, און דערציילן זיינע מעשיות פון אָרעמען לעבן מיט דער נאַאיווקייט און מיט דער התפעלות פון אַ קינד, וואָס דערציילט אָדער הערט אַ מעשה.

דערמאָנט זיך אָן שלום־עליכמ׳ס עפּיטאַפיע, וואָס ער אַליין האָט אָנ־געשריבן וועגן זיך אין מינוט פון טיפסטן חשבון הנפש און וואָס ער האָט אָנגעזאָגט אויסצוקריצן אויף זיין מצבה אַלס אַ מין אַריינפיר אין דער וועלט פון אומשטערבלעכקייט:

„דאָ ליגט אַ איד אַ פּשוט׳ער,
געשריבן אידיש־דייטש פאַר ווייבער
און פאַרן פּראָסטן פאָלק האָט ער —
געווען אַ הומאָריסט אַ שרייבער.
דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט,
און ער — אוי ווי — געווען אויף צרות.
און דוקא דעמאָלט ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקלאַטשט און פלעגט זיך פרייען,
האָט ער געקרענקט, דאָס ווייס נאָר גאָט —

בסוד, אַז קיינער זאָל ניט זעהען.״

מיט דער דאָזיגער עפּיטאַפּיע שטימט פולשטענדיג שלום־עליכמ׳ס צוואה, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין סעפּטעמבער, 1915, און וואָס זאָגט אָן:

„וואו איך זאָל ניט שטאַרבן, זאָל מען מיך באַהאַלטן ניט צווישן אַריס־טאָקראַטן, מיוחסים, אָדער גבירים, נאָר גראַד צווישן פּראָסטע אידן אַרבעטער, מיטן אמת׳ן פאָלק, אַזוי, אַז די מצבה, וואָס מען וועט דערנאָך אַוועקשטעלן אויף מיין קבר, זאָל באַשיינען די איינפאַכע קברים אַרום מיר, און די איינפאַכע קברים זאָלן באַפּוצן מיין מצבה, אַזוי ווי דאָס פּראָסטע ערלעכע פאָלק האָט פאַר זיין לעבן באַשיינט זייער פאָלקס־שרייבער.״

דאָ האָט איר שלום־עליכמ׳ס קוק אויף זיך אַליין אין עטלעכע ווערטער און, דאַכט זיך, אַז קיין בעסערן אַריינפיר אין אומשטערבלעכקייט אין אונזער ליטעראַטור וואָלט אים קיינער ניט געקאָנט געבן.

# דער געלעכטער און דאָס קינד

אין זיין דראַמאַטישער עפּיטאַפיע, וואָס שלום־עליכם האָט אָנגעשריבן מיט אַן אָנזאָג, אַז מען זאָל זי אויסקריצן אויף זיין מצבה, האָט ער געפּרוּווט געבן זיך אַליין די קירצסטע כאַראַקטעריסטיק, לויט וועלכער די קומענדיגע דורות זאָלן אים אורטיילן.

פאַר דאָס וויכטיגסטע אין זיין לעבנס־ווערק האָט שלום־עליכם באַטראַכט דאָס, וואָס ער האָט געקענט לאַכן און מאַכן דעם עולם לאַכן. אָט די פיאַיקייט צו לאַכן און דערמיט צו „שלאָגן מיט דער וועלט כפרות" איז געוואָרן שלום־עליכמ׳ס צווייטע נאַטור, — און אפשר איז זי גאָר ביי אים געווען די ערשטע? — און אפילו ווען ער האָט אַליין געקרענקט און אים איז גאָר ניט איינגעגאַנגען קיין געלעכטער, האָט ער אָבער פאַרט געמאַכט, אַז „דער עולם האָט געלאַכט, געקלאַטשט און פלעגט זיך פרייען".

אין שלום־עליכמ׳ס אייגנאַרטיגן טאַלאַנט צו לאַכן און צו מאַכן דעם עולם לאַכנדיג האָבן זיך צונויפגעטראָפן צוויי דערשיינונגען: פון איין זייט די ריין־פערזענלעכע אייגנשאַפטן שלום־עליכמ׳ס, די ספּעציעלע פיאַיקייט פון אַ מענטשן צו זען די זילבער־זייט פון דעם וואָלקן און צו ענטפערן מיט אַ געלעכטער דאָרטן וואו אַן אַנדערער וואָלט אויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין. די דאָזיגע איינגעבאָרענע אייגנשאַפט האָט זיך ביי אים נאָך מער אַנטוויקלט צוליב דעם, ווייל ער האָט פאַרבראַכט זיין קינדהייט אין אַ סביבה, וואו ווינען וואָלט סיי־ווי ניט געהאָלפן און וואו א שמייכל, אַ געלעכטער האָט געהאָלפן צו באַזיגן זיינע פערזענלעכע שוועריקייטן אין לעבן.

מיטגעהאָלפן צו אַנטוויקלען שלום־עליכמ׳ס איינגעבאָרענעם טאַלאַנט פון אַ הומאָריסט האָט אויך די גאַנצע אידישע סביבה, פון וועלכער ער האָט שעפּטער געשעפּט זיינע איינדרוקן. די סביבה אין וועלכער שלום־עליכם איז אויסגעוואַקסן און מיט וועלכער ער איז זיך אויף זיין גאַנצן לעבן צונויפגעוואַקסן סיי אַלס מענטש, סיי אַלס קינסטלער, איז געווען די סביבה פון דעם אידישן קליינבירגערטום „אויף דער צעטיילונג פון די וועגן", אין דעם לעצטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט און אין די ערשטע אַנדערט־האַלבן צענדליג יאָר פון דעם 20סטן, — אויף דער צעטיילונג פון די וועגן פון קאַפּיטאַליזם. זיין ווילן, זיין חשק, זיינע „אידעאַלן" האָבן געטריבן

דעם אידישן קליינבירגערטום צו דער בורזשואַזיע, צו די הויכע פענצטער, — אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויף גאָלט שטייט די וועלט און דער וואָס האָט גאָלט איז שיין און גוט. פון דער אַנדער זייט האָבן אָבער די באַגרענעצונגען אונטער דער צאַרישער רעגירונג און די שווערע טריט פון קאַפּיטאַליזם, וואָס איז אַליין געגאַנגען צו זיין אונטערגאַנג, אָפּט אַראָפּגעדריקט דאָס אידישע קליינבירגערטום צום צושטאַנד פון לומפּן־פּראָלעטאַריער, וואָס פלעגן פאַרפליען הויך אין די פאַנטאַזיעס און פאַלן זייער נידעריג אין דערווירקלעכקייט. אָט דאָס דאָזיגע צעלויפן זיך און בלייבן אויף אַן אָרט, דאָס אונטערשפּרינגען און אַראָפּפאַלן שאַפט אַ מאַסע קאָמישע, הומאָריסטישע סיטואַציעס, עס האָט געמוזט שאַפן ביי די אידישע קליינבירגערלעכע מאַסן גופא אַ מין הומאָריסטישע זעלבסט־אָפּלאַכערישע באַציאונג, וואָס איז אפשר געווען אַ שטיקל טרייסט געגן אירע ביטערע אַנטוישונגען. און ווען אַזעלכע סיטואַציעס זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ שלום־עליכם, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט אַלע פאַנטאַסטישע האָפענונגען און אַנטוישונגען פון דעם אידישן מיטלשטאַנד, האָבן דערפון געמוזט אַרויסקומען ווערק, וואָס זיינען דורכגעוועבט מיט געלעכטער, — אפילו ווען דער געלעכטער איז אַמאָל „מיט יאַשטשערקעס".

⁂ ⁂ ⁂

שלום־עליכמ׳ס ספעציעלע פיאיקייט צו לאַכן און צו באַמערקן קאָמיזם אין יעדער סיטואַציע, זיין פיאיקייט צו „פאַררעדן די ציין", און איינריידן, אַז מען מוז לאַכן, ווען עס ווילט זיך גאָר וויינען, האָט אים געמאַכט ספעציעל באַענט צו קינדער. נאָענט אין ביידע הינזיכטן: פון איין זייט אַלס שרייבער, וועלכער איז פאַרשטענדלעך פאַר קינדער און געווינט זייער אויפמערקזאַמקייט; פון דער אַנדער זייט אַלס שרייבער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט קינדער און קלייבט זיי גערן אויס פאַר זיינע „העלדן".

פאַר קינדער איז ער ספעציעל צוגענגלעך דורך זיין וועלט־באַציאונג. וועלט־באַציאונג דאַרף מען ניט צונויפמישן מיט וועלט־אַנשויאונג. וועלט־אַנשויאונג איז די אידעאָלאָגישע אָפּשאַצונג פון דער געזעלשאַפט. וועלט־באַציאונג איז דער ספעציעלער אופן פון פילן זיך אין איר. שלום־עליכמ׳ס וועלט־אַנשויאונג איז געווען אַ קליינבירגערלעכע. ער האָט געטיילט אין אַלע וויכטיגע פראַגן פון געזעשאַפטלעכן לעבן, סיי פון דעם אידישן, סיי פון דעם ניט־אידישן, די פאָראורטיילן און סימפּאַטיעס פון דעם אידישן

קליינבירגערטום. ער האָט זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צום גביר, אָבער ער האָט גאָרניט געהאַט געגן דעם גביר׳ישן שטייגער. ער איז ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער, אָבער ער האָט סימפּאַטיזירט מיט די רעוואָלו־ציאָנערן, ווייל זיי זיינען אָרעמע מענטשן, פאַרפאָלגטע, וואָס ווילן יושר. ער האָט מורא געהאַט פאַר גוים, אָבער ער האָט געהאַט די טיפסטע סימ־פּאַטיע מיט די גוי׳שע אָרעמעלייט. ער האָט שטאַרק געצווייפלט אין ציוניזם, אָבער ער האָט געהאַט גרויס פּיעטעט פאַר ארץ־ישראל; ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון כלי־קודש, אָבער צום רב, ר׳ יוספ׳ל, האָט ער געהאַט די טיפסטע אַכטונג.

דאָס איז געווען שלום־עליכמ׳ס וועלט־אַנשויאונג, אַן אידעאָלאָגיע צוזאַמענגעשטעלט פון ווידערשפּרוכן.

אַנדערש איז ער געווען אין זיין וועלט־באַציאונג. דאָ האָבן זיך אַלע ווידערשפּרוכן אויסגעגלייכט אין זיין אייביגן אָפּטימיזם, אין זיין פייאיקייט צו באַגעגענען יעדע צרה, יעדן קלאַפּ מיט אַ געלעכטער. זאָל אפילו ווי טיף ווי טאָן, זאָל ווי שטאַרק קרענקען, אַבי יענער זאָל ניט זען און זאָל ניט מיינען, אַז מיר טוט טאַקע וויי. דאָס איז אַ ספּעציעלער, וואָלט איך געזאָגט, „אינגלשער" שטריך, אַ שטריך פון אַ געזונטן, אונטערוואַקסנדיגן אינגל, וואָס איז ביי קיינעם ניט קיין בן־יחיד און וואָס שפּילט דעם העלד, נאָך איידער ער איז פייאיג דאָס צו ווערן.

וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן מיט שלום־עליכמ׳ס העלדן, — און הינטער פיל פון זיינע העלדן פילט מען די גאַנצע צייט אים אַליין, — שמייכלט ער און לאַכט. אויב ס׳איז פאָרגעקומען אַ שריפה, מענטשן זיינען אומגליקלעך געוואָרן, זיי האָבן ניט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען, אָדער אַן ענלעכע צרה, — דערציילט אָבער שלום־עליכם וועגן דעם אַזוי און באַטאָנט דערביי אַזעלכע פּרטים, וואָס קלעפּן זיך ניט צו דער שווערער סיטואַציע, אַז דער לייענער קאָן זיך ניט איינהאַלטן און מוז לאַכן, ווי אַ קינד, וועלכן מען ווייזט אַ שפּילצייג, אָדער מען מאַכט פאַר אים אַ קאָמישע מינע גראָד ווען ס׳איז אַראָפּגעפאַלן און האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן.

און וויכטיג איז, וואָס ווען שלום־עליכם לאַכט, טוט ער עס אָן אַ ספּעציעלער „מאָראַל", ער מאַכט פון דעם ניט קיין מוסר־השכל. ער זאָגט פּשוט: לאָך זיך אויס, וואָרים ס׳איז גוט צו לאַכן. לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן. אַז דאָס קינד וועט אונטערוואַקסן — אָדער דער

לייענער וועט זיך פּאַרטיפן אין שלום־עליכמ׳ס ווערק, — וועט ער שוין אַליין געפינען זיין מוסר־השכל. אָבער ביז דעמאָלט איז דאָס לאַכן לאַכן גופא אַ גוטע און געזונטע זאַך. אַט דאָס לאַכן אַן אַ מאָראַליזירנדיגן בייגעשמאַק מאַכט שלום־עליכמ׳ען ספּעציעל צוגעפּאַסט פאַרן קינדער־לייענער.

פון דער אַנדערער זייט, ווי געזאָגט, האָט טאַקע שלום־עליכם אַליין ספּעציעל ליב געהאַט דעם קינדער־טיפּ אין זיינע ווערק. מיטן קינד האָט ער זיך שטענדיג געפילט היימישער ווי מיטן דערוואַקסענעם. אַז ער האָט גערעדט וועגן אַ דערוואַקסענעם, האָט מען אָפט געקענט באַמערקן ביי דער זייט דעם שאָטן פון שלום־עליכמ׳ען אַליין, וואָס לאַכט אינערלעך אָפּ פון זיין פּאַרשוין. ווען ער האָט אָבער געמאָלט אַ קינד, האָט ער זיך פולשטענדיג צונויפגעגאָסן מיט דעם.

ס׳רוב פון זיינע ווערק האָבן אין זיך קינדער, און די קינדער זיינען אין זיי דער סימפּאַטישסטער און דער לעבעדיגסטער עלעמענט. ווען ער הויבט אָן באַשרייבן זיינעם אַ דערוואַקסענעם העלד, שטעלט ער זיך מיט אַ באַזונדערער ליבע אָפּ אויף זיין קינדהייט. מען קאָן זאָגן, אַז ס׳איז כמעט ווי אַ כלל, אַז ווען שלום־עליכם דערמאָנט ניט אָן דער קינדהייט פון זיינעם אַ פּאַרשוין, איז עס דערפאַר, ווייל ס׳איז אַ נעגאַטיווער פּאַרשוין, וועלכן ער האָט ניט ליב און האָט ניט קיין גוט וואָרט צו זאָגן וועגן אים.

ניט צופעליג איז דאָס ערשטע ווערק, וואָס האָט שלום־עליכמ׳ען באַרימט געמאַכט און האָט אים אַרויסגערוקט אין פראָנט פון דער דעמאָלדיגער אידישער ליטעראַטור, געווען „דאָס מעסערל״. „דאָס מעסערל״ איז געווען אַ דערינערונג פון שלום־עליכמ׳ס קינדער־יאָרן, אַ פּאַטעטישע געשיכטע וועגן אַ קינד, וואָס האָט אין זיין איינזאַמקייט זיך צוגעבונדן צו אַ מעסערל, און וועגן די פריידן און ליידן, וואָס ער האָט צוליב דעם מעסערל געהאַט.

אין זיין ראָמאַן „יאָסעלע סאָלאָוויי״, גיט שלום־עליכם אָפּ כמעט דעם גרעסטן אָרט דער באַשרייבונג פון דער קינדהייט פון זיין העלד, און מען קאָן זאָגן, אַז דאָס זיינען די בעסטע, די עכטסטע בלעטלעך אין דעם גאַנצן ראָמאַן, ווייל דורך יאָסעלעס קינדהייט האָט זיך שלום־עליכמ׳ען בעסער איינגעגעבן צו ווייזן דאָס דעמאָלטיגע אידיש לעבן אין זיינע אמת׳ע פאַרבן, ווי דורך וועלכע עס איז אַנדערע העלדן. אין קאַסרילעווקע, דער אַלטער און דער נייער, אין זיינע יום־טוב׳דיגע דערציילונגען, אין זיינע מעשיות, אין וועלכע שלום־עליכם לאָזט זיך פריי שווימען איבער די לאַכנדיגע

כוואַליעס פון הומאָר, פאַרגעסט ער זיך קיינמאָל ניט אָפּצושטעלן און אַ לאַך טאָן ניט פון, נאָר מיט יעדן קינד, וואָס ער טרעפט אָן אין וועג.

די העכסטע שטופּע פון אַריינדרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ קינד האָט שלום־עליכם דערגרייכט אין זיין מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס. מען קאָן זאָגן אָן איבערטרייבונגען, אַז דאָס איז אַ גאַנצע עפּאָפּייע פון אַ פאָלק געזען דורך די אויגן פון אַ קינד, — ס׳איז אַ ווערק, וואָס פאַרנעמט אַ פּלאַץ אויבנאָן אין דער אידישער ליטעראַטור און וואָס איז זיכער ווערט צו פאַרנעמען — אַן ענלעכן אָרט אין דער וועלט־ליטעראַטור.

ניט אומזיסט איז שלום־עליכם ביז איצט פאַרבליבן דער באַליבסטער שרייבער ביים אידישן לייענער, און ביים אידישן קינד, דאָרטן וואו עס באַזוכט אַ אידישע שול. ניט אומזיסט ווערן שלום־עליכמ׳ס קינדער־ווערק אין אַ פערטל־יאָרהונדערט נאָך זיין טויט, אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט אין אַ גרעסערע צאָל, ווי אַפילו ביי זיין לעבן.

# שלום־עליכמ׳ס וועלט־באַציאונג

ביי אַ הומאָריסט, אָדער ביי אַ סאַטיריקער, זעט זיך אָן זיין וועלט־באַציאונג און זי שפּילט אַ גרעסערע ראָליע אין זיין שאַפן, ווי ביי אַ שרייבער פון אַ וועלכן עס איז אַנדער זשאַנר. אַ ראָמאַנטיקער קאָן זיך באַהאַלטן אָדער פאַרלירן אין דעם פּוץ און בענקשאַפט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָדער פון דער עקזאָטיק; אַ נאַטוראַליסט קאָן מאַכן אַ שטרענג־אומפּאַרטייאישן אָנשטעל דורך איבערגעבן „וואָס ער זעט״ און דורך באַהאַלטן זיך הינטער דער אָנזאַמלונג פון פאַקטן, וואָס „ריידן אַליין פאַר זיך״. אַפילו מיט אַ רעאַליסט קאָן עס פּאַסירן אויף אַזויפיל, אויף וויפיל דער רעאַליסט באַנוצט זיך אין עצם מיט דעם מעטאָד פון דעם נאַטוראַליסט און לאָזט זיך צומאָל פאַרשלעפּן אין „אָביעקטיוויזם״.

מיט אַ הומאָריסט איז עס אַנדערש. מער ווי יעדער אַנדער מין שרייבער, קלייבט ער אָפּ אָפּן און באַוואוסטזיניג זיין מאַטעריאַל, ער קלייבט אויס זיינע העלדן, שטעלט זיך אָפּ אויף ספּעציעלע שטריכן, דורכלאָזנדיג אַ סך אַנדערע. ער לאַכט אינדערהויך, אָדער שטילערהייט, מיט אָדער פון זיינע העלדן און סיטואַציעס, ער וויל דער לייענער זאָל לאַכן. דורך זיין לאַכן גופא דריקט ער אויס אַ ספּעציעלן שטאַנדפּונקט, שטעלט ער זיך אין אַ באַשטימטער קלאָרער באַציאונג צו דער וועלט, וואָס ער מאָלט.

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז אַ הומאָריסטישער שרייבער מוז דווקא האָבן אַ קלערערע און שאַרפער־אויסגעדריקטע וועלט־אָנשויאונג, ווי יעדער אַנדער שרייבער. איך גלויב אָבער, אַז אויף וויפל זיין באַציאונג ווערט אויסגעדריקט אין די ווערק, אויף וויפיל די פאַרשוינען פון אַ ווערק דריקן אָפּטמאָל אויס די מיינונגען פון דעם אויטאָר, זיינען זיי אין אַ הומאָריסטיש ווערק מער אַ טייל פון דעם שרייבער און דער שרייבער דריקט דורך זיי קלאָרער אויס זיין אייגענע וועלט־באַציאונג, ווי דורך אַ וועלכן עס איז אַנדער ליטעראַרישן זשאַנר.

:: :: ::

פון דעם שטאַנדפּונקט גענומען איז אינטערעסאַנט צו זען: וואָס איז געווען שלום־עליכמ׳ס וועלט־באַציאונג? ספּעציפישער: וואָס איז געווען שלום־עליכמ׳ס באַציאונג צו דער צענטראַלער פראַגע פון זיין און אונזער

צייט, צום גרויסן סאָציאַלן קאַמף און צו די צדדים אין דאָזיגן קאַמף. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז פון די 33 יאָר, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן, פון יאָר 1883 ביז 1916, זיינען די לעצטע 15 יאָר אויסגעפאַלן אויף אַ פעריאָד פון אויסערגעוויינלעכן שטורעם און דראַנג, ספּעציעל אין דער אוקראַיניש־אידישער סביבה, מיט וועלכער שלום־עליכם איז זיך אַזוי פול־שטענדיג צונויפגעוואָקסן. ס׳איז געווען די צייט פאַר און נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905, דערנאָך די צייט פון דער ביטערער רעאַקציע, וואָס האָט מיט גוואַלד געהאַלטן דאָס דעקל איבער דעם רוסלענדישן רעוואָ־לוציאָנערן קעסל; דאַן דער אָנקום פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מלחמה, די וועלט־מלחמה גופא. . . .

עס זיינען פאַראַן הומאָריסטן, ביי וועלכע דער הומאָר איז אַ מיטל צו אַנטלויפן פון דערווירקלעכקייט, אויסצובייטן זי אויף ברעקלעך קאָמישע פּאַסירונגען און אויף אַזאַ אופן אָפּטעמפּען אירע שאַרפע עקן און פאַרשטעלן איר טראַגישן תוך. שלום־עליכם, ביי וועלכן זיין הומאָר איז געווען בלויז אַ ספּעציעלער צוגאַנג צום פּילזייטיגן רעאַלן לעבן מיט זיין גאַנצער דראַ־מאַטישקייט, האָט קיינמאָל ניט אויסגעמידן די „פאַרשאָלטענע פראַגן" פון זיין צייט און פלעגט זיך אויף זיי גערן אָפּרופן דורך זיינע פאַרשוינען.

די צענטראַל־פראַגע אין דעם אַקטיווסטן פעריאָד פון זיין שרייבן, אין די לעצטע 15 יאָר פאַר זיין טויט, איז געווען די פראַגע וועגן דער באַציאונג צו דער רעוואָלוציע. די מפּלה פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון 1905 האָט אַריינגעוואָרפן ברייטע מאַסן פון דער קליינבירגערלעכער אינ־טעליגענץ, צו וועלכער שלום־עליכם האָט געהערט מיט לייב און לעבן, אין אַ יאוש און ציניזם; די אָנקומענדיגע פיל גרעסערע רעוואָלוציע האָט פאַר־אויס געוואָרפן אַ שאָטן אויף די, וואָס האָבן אין איר שוין ניט געקאָנט שפּילן קיין פירנדיגע ראָליע. ווי האָט זיך שלום־עליכם דעמאָלט באַצויגן צו דער רעוואָלוציע און צו די רעוואָלוציאָנערן ?

איינער פון שלום־עליכמ׳ס העלדן, צו וועלכן ער האָט זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט איז פערטשיק־פעפערל. פעפערל איז, אויב איר דערמאָנט זיך, טביה דעם מילכיגער׳ס צווייטער איידעם. טביה׳ס ערשטן איידעם, מאָטל קאַמזויל, האָט שלום־עליכם באַשריבן אין יאָר 1899. דעמאָלט דערוויסן מיר זיך וועגן דעם דאָזיגן איידעם, אַז ער איז אַ שניידער, אַן ערלעכער האָרעפּאַשניק, אַ פריילעכער קבצן, און אַז ער פאַרליבט זיך אין טביה׳ס ערשטער טאָכטער, צייטל, דער, צו וועלכער ס׳האָט זיך גע׳שדכנ׳ט דער גרעסטער גביר פון שטעטל, דער קצב לייזער וואָלף.

אינטערעסאַנט איז, ווען מאָטל קאַמזויל ווייזט זיך פאַר טביה׳ן. דאָס קומט פאַר גראָד אין אַ מאָמענט, ווען טביה פאַרטראַכט זיך איבער דער ניט־יושר׳דיקייט פון דער וועלט און פרעגט זיין באַרימטע „מה נשתנה״:

„וואו שטייט געשריבן, אַז טביה באַדאַרף האָרעווען פון זייערט־וועגן (פון די נגידים׳ס וועגן), אויפשטיין גאַנץ פרי, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, וואָס איז? בכדי זיי זאָלן האָבן פוטער? וואו שטייט עס געשריבן, אַז איך בין מחויב אויסגעריסן ווערן צוליב אַ שיטערן קרופניק, אַ קוליש מיט גרויפּן, און זיי, די יעהופּיצער נגידים, באַדאַרפן אויסרוען די ביינער אויף די דאַטשעס, נישט טאָן קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער און עסן דוקא געבראָטענע קאַטשקעלעך און דוקא גוטע קנישעס, בלינצעס און ווערטוטן? בין איך דען נישט אַזאַ איד ווי זיי? וואָלט דען נישט געווען קיין יושר, כ׳לעבן, אַז טביה זאָל זיך אָוועקזעצן כאָטש אויף איין זומער אויף אַ דאַטשע? אַי, וואו וועט מען נעמען קעז און פוטער? ווער וועט מעלקן די בהמות? טאָקע זיי, די יעהופּיצער סטיקראַטן מיין איך . . . און איך צעלאַך מיך אַליין פון אַזאַ משוגענעם געדאַנק. ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: אַז גאָט זאָל האָרכן די נאַראָנים, וואָלט די וועלט געהאַט אַן אַנדער פּנים...״ *)

ווי מיר זעען איז דאָ בולט אויסגעדריקט די אומצופרידנקייט פון דעם האָרעפּאַשנעם קליינבירגער, וואָס פּראָטעסטירט געגן די עקזיסטירנדיגע באַציאונגען צוליב זייער אומ׳יושר׳דיקייט און וואָס זעט דעם הויפּט־אומרעכט פון דער וועלט אין דער ניט־גלייכער צעטיילונג פון אירע באַקוועמלעכקייטן. מיר זעען דאָ די אינסטינקטיווע פיינטשאַפט פון׳ם האָרעפּאַשנעם קבצן צום פּאַראַזיטישן גביר, אַ פיינטשאַפט וואָס איז נאָך ווייט פון אַ רעוואָלוציע, כאָטש זי מוז ווערן אַ באַשטאַנדטייל פון יעדער קומענדיגער רעוואָלוציע.

אין אָט אַזאַ מאָמענט ווייזט זיך פאַר טביה׳ן דער שניידער מאָטל קאַמזויל, אַ שניידער און אַ זון פון אַ שניידער, א קבצן אין זיבן פּאָלעס, אָבער אַן ערלעכער האָרעפּאַשניק. ער דערקלערט טביה׳ן, אַז ער האָט אָפּגעמאַכט מיט זיין טאָכטער, צייטלען, חתונה צו האָבן, און כאָטש טביה איז זייער שטאַרק שאָקירט פון דעם, געפעלט אים אָבער דער עסק אַזוי, אַז ער שפּילט אָפּ פאַר זיין ווייב אַ גאַנצע קאָמעדיע מיט אַ חלום, מיט אַ באָבע צייטל, און פירט אויס ביי איר, אַז זי זאָל זיך ניט שטעלן געגן דער חתונה פון זייער טאָכטער מיטן שניידער.

---

*) „חיינטיגע קינדער״, פון דער סעריע „טביה דער מילכיגער״.

און אינטערעסאַנט דערביי איז אָט וואָס: פון אַלע שידוכים, וואָס טביה׳ס טעכטער האָבן געשלאָסן, איז דער שידוך מיטן האָרעפּאַשנעם שניידער, מאָטל קאַמזויל, אין טביה׳ס אויגן דער בעסטער און דער גליקלעכסטער.

דעם צווייטן שידוך שליסט טביה מיט פּערטשיקן, — ריכטיגער: פּער־טשיק איז דער, וואָס קומט און נעמט אַוועק טביה׳ס צווייטע און באַליבסטע טאָכטער, האָדל. געשריבן איז די דאָזיגע געשיכטע („האָדל״) אין יאָר 1904, די דאַטע איז דאָ וויכטיג צו געדענקען. דאָס איז ערב דעם יאָר 1905, ווען די לופט איז שוין פול מיט רעוואָלוציאָנערע געבורט־ווייען.

ווער איז פּערטשיק? ער איז אין אַ געוויסן זין אַ ווייטערדיגע אַנטוויקלונג פון מאָטל קאַמזויל.

„האָט זיך איינער פון דער „חברה״ פאַרהאַקט אין אונזער ווינקל. עפּעס אַ שלימזל, ניט ווייט פונדאַנען, איך האָב געקענט דעם טאַטן זיינעם, ער איז געווען אַ פּאַפּיראָסניק און אַ קבצן, זאָל ער מיר מוחל זיין, אין זיבן פּאָלעס. . . . פּראַוודאַ, דער גוטער יאָר האָט אים (פּערטשיקן) ניט גענומען, ער האָט אַ גוט קעפּל, גאָר אַ גוט קעפּל. פּערטשיק הייסט ער, דער שלימזל, האָבן מיר איבערגעלייגט אויף אידיש: פּעפּערל. ער זעט טאַקע אויס ווי אַ פּעפּערל. איר זאָלט אָנקוקן — אַ וועוועריקל, אַ קליינס, אַ שוואַרצס, אַ פּאַרזעעניש, נאָר ס׳איז פול, מלא וגדוש, און אַ מויל, אש להבה, שוועבל און פּעך . . . ״

באַמערקט מיט וואָס פאַר אַ ליבע טביה מאָלט דעם דאָזיגן „פּאַרזעעניש״, אַן אייגן קינד וואָלט ער ניט געמאָלט מיט מער ליבע.

„און מען קען זאָגן, דערציילט ער ווייטער, אַז מיר האָבן אים אַלע ליב געקראָגן עפּעס גאָר ווי אַן אייגענעם, מחמת בטבע איז ער, דאַרפט איר וויסן, דוקא נישקשה פון אַ מענטשל, אַ פּשוט׳ער, אַ פּראָסטער חי־וקים, הייסט עס, שלי שלך, שלך שלי, מיינס — דיינס, הפקר ציבעלעס״.

דער דאָזיגער פּעפּערל איז אַ רעוואָלוציאָנער. אין די שמועסן מיט טביה׳ן

„רעדט ער על השם ועל משיחו און אויף „נענאַטקע״ . . . און דער עיקר טאַקע אויף „נענאַטקע״. מיט פּלענער אַזעלכע ווילדע, קרומע, משוגע׳נע געננ, אויף עפּעס אַלצדינג לאָקירדע פּאַפּעריק, מיט די פּיס אַרויף. למשל, אַ נגיד קומט אויס נאָך זיין משוגע׳נעם פאַרקערטן שכל, איז אָפּגעפּרעגט און אַ קבצן איז, פאַרקערט, אַ גאַנצער צימעס. און ווער שמועסט אַ בעל־מלאכה — דאָס איז גאָר דאָס אויבערשטע

פון שטייסל, טייערער פון חרוסת, מחמת יגיעת כפך, זאָגט ער, דאָס איז דער עיקר... און ער ברענגט מיר ראיות און משלים, וואָס קלעפּן זיך ביי מיר, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט"...

דער אמת איז אָבער, אַז עס קלעפּט זיך ביי טביה'ן דוקא יאָ. די געדאַנ־קען, וואָס פּעפּערל זאָגט אַרויס, שטימען דאָך מיט טביה'ס אייגענע גע־פילן, — דערמאָנט זיך אָן זיינע אייגענע געדאַנקען ערב דער באַגעגעניש מיט מאָטל קאַמזויל. און דערפון נעמט זיך זיין טיפע סימפּאַטיע צו פּע־פּערלען. און ווען אַפילו פּעפּערל נעמט ביי אים צו זיין טאָכטער, האָט מיט איר חתונה, פאָרט דערנאָך אַוועק, ווערט אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר און האָדל פאַרלאָזט דערנאָך צוליב דעם „שלים־מזל" אירע עלטערן אויף שטענדיג, ווייל זי פאָלגט נאָך איר פּעפּערל קיין סיביר, געפינען מיר ניט ביי טביה'ן קיין איין איינציגן וואָרט פון אומצופרידנקייט, פון פאַראורטיילן דעם רעוואָלוציאָנער, פּעפּערל, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין פאַמיליע. פאַרקערט, אין זיין באַזונדער ליבע צו האָדלען, וועלכער ער העלפט אַוועק־פאָרן קיין סיביר, שפּירט זיך זיין ליבע און אפילו די שטילע באַוואונדערונג, וואָס ער פילט צום „פּעפּערל".

די דאָזיגע באַציאונג פון טביה'ן צום רעוואָלוציאָנער, פּעפּערל, ווערט נאָך באַזונדערס אונטערשטראָכן דורך דעם ביטערן וויטאָג און די געברענטע צרות, וואָס ער און זיינע טעכטער באַקומען פון באַגעגענישן מיט גבירים. זיין ערשטע טאָכטער, צייטל, ווערט געראַטעוועט פון אַ גביר'ישן אומגליק מיט דער הילף פון דעם שניידער, מאָטל קאַמזויל. אָבער זיין טאָכטער, שפּרינצע, וועלכע פאַרליבט זיך און טרויט זיך אָן דעם גביר'ישן זונדל, אהרנ'טשיקן, ווערט פאַראומגליקט און צעטראָטן און באַגייט זעלבסטמאָרד. אפילו חוה, די טאָכטער זיינע, וואָס האָט זיך גע'שמד'ט צוליב אַ קריסטלעכן בחור, מיט וועלכן זי האָט חתונה, איז אין זיינע אויגן ניט אַזוי אומגליקלעך, ווי די, וואָס האָט געהאַט דעם אומגליק אַריינצופאַלן צו אַ גביר אין די הענט. אמת, צווישן אים, זיין פאַמיליע און דער גע'שמד'טער חוה שטעלט זיך אַ גאַנצע וועלט מיט וויסטע פאַראורטיילן, וועלכע ער קאָן ניט גובר זיין. אָבער ער קערט זיך שטענדיג אום מיט זיינע געדאַנקען צו חוה'ן. ער פאַר־אורטיילט נישט זי און נישט איר קריסלעכן מאַן, און אים קומען אפילו אין קאָפּ „משונה־מאָדנע מחשבות און געדאַנקען":

„וואָס איז דאָס אַזעלכעס איד און וואָס איז ניט־איד? און פאַר־וואָס האָט גאָט באַשאַפן אידן און ניט־אידן? און אַז גאָט האָט שוין יאָ באַשאַפן אידן און ניט־אידן, איז פאַרוואָס־זשע זאָלן זיי זיין

אַזוי אָפּגעטיילט איינס פון דאָס אַנדערע, נישט קענען אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע, גלייך ווי דער איז פון גאָט און יענער איז ניט פון גאָט ? און עס פאַרדריסט מיך, למאי איך בין נישט אַזוי קלאָר, ווי אַנדערע, אין ספרים און אין ביכער, איך זאָל קענען געפינען דערויף עפּעס אַ רעכטן תירוץ"...

די לעצטע באַמערקונג ווייזט, אַז טביה האָט נישט קיין תירוץ, און אַז שלום־עליכם אַליין גלויבט, אַז קיין תירוץ איז נישטאָ. נישט טביה, נישט שלום־עליכם, זיינען נאָך אַליין ניט קיין רעוואָלוציאָנערן, אַז זיי זאָלן ברעכן אָנגענומענע „הייליגע" טראַדיציעס. אָבער געפּערלעכע פראַגן שטעלן זיי, און טביה׳ס באַציאונג צו זיין „פאַרבלאָנדזשעטער" טאָכטער חוה איז אייגנט־לעך אַ שטילער ענטפער אויף דער שאלה...

די פראַגע איז אָבער: איז די דאָזיגע באַציאונג פון טביה דער מילכיגער צום רעוואָלוציאָנער, פעפערל, צום בעל־מלאכה, מאָטל קאַמזויל, און צו דער גע׳שמד׳טער טאָכטער, חוה, בלויז אַ באַציאונג פון אַ באַשטימטן ליטעראַ־רישן טיפּ, אָדער דאָס איז די באַציאונג פון שלום־עליכמ׳ען אַליין ? דעם ענטפער אויף דעם קאָן מען געפינען, ווען מען אונטערזוכט שלום־עליכמ׳ס ווערק. ווען מיר זאָלן אַזאַ באַציאונג טרעפן בלויז ביי טביה׳ן און וואָלטן געפינען אַ פאַרקערטע באַציאונג ביי אַנדערע טיפּן, מיט וועלכע שלום־עליכם סימפּאַטיזירט, וואָלט מען געקאָנט אָננעמען, אַז דאָ האָט שלום־עליכם בלויז געלאָזן רעדן זיין טיפּ און גיט איבער אַלץ, וואָס ער זאָגט לויטן פּרינציפּ, אַז „פון אַ ליד קיין וואָרט קען מען נישט אַרויסוואַרפן".

וואָס אָבער זעען מיר ביי שלום־עליכמ׳ען ? אין אַלע זיינע ווערק, אין דער גאַנצער קאָלאָסאַלער ליטעראַרישער ירושה, וואָס ער האָט איבער־געלאָזן איז נישטאָ קיין איין אָרט, וואָס זאָל ווידערשפּרעכן טביה׳ס באַציאונג צו דער אַרומיגער וועלט, ספּעציעל אין די אָנגעוויזענע פּונקטן. און פאַר־קערט, מיר געפינען ביי אים מאַסן ערטער, וואו אַנדערע זיינע פאַרשוינען —ביי גאָר אַנדערע געלעגנהייטן דריקן אויס די זעלביגע שטימונגען און געדאַנקען.

נעמען מיר, למשל, זיין מאָנאָלאָג „גענדז" („אַ מאָנאָלאָג פון אַ אי־דענע, וואָס הייסט באַסיע, קוילעט גענדז חנוכה און פּרעגלט שמאַלץ אויף פּסח"), געשריבן אין יאָר 1902. באַסיע איז, פאַרשטייט זיך, אַן אָרעמע אידענע, אין איר פּרנסה הענגט זי אינגאַנצן אָפּ אָן די גבירים. אָבער הערט ווי זי דריקט זיך אויס וועגן זיי:

„איך זאָל, הערט איר, זיין אַ מאַנסביל וואָלט איך זיך מיט די

גבירים גערעכנט. אוי, וואָלט איך זיך מיט זיי גערעכנט! איך מיינט, איך האָב עפּעס צו זיי? איך האָב צו זיי גאָרנישט, נאָר איך האָב זיי פיינט. איך האָב פיינט אַ נגיד!...״

אָט דער מאָטיוו: „איך האָב צו די גבירים גאָרניט, נאָר איך האָב זיי פיינט״, חזר׳ט זיך איבער ביי שלום־עליכמ׳ען אומצייליגע מאָל, כמעט אין יעדן ווערק זיינעם. וועגן דעם רעדן ביי אים די מענער, די פרויען, די קינדער. דערמאָנט זיך אָן מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס באַ־ציאונג צום באָס, וועלכער גייט צו זיי אַריין אין שטוב אין אַמעריקע. און די דאָזיגע כסדר׳דיגע איינגעשפּאַרטע איבער׳חזר׳ונג ווייזט, אַז דאָס איז ביי שלום־עליכמ׳ען נישט קיין צופעליג ווערטל, אָדער חנ׳דל, נאָר אַז דאָס איז זיין אייגענע אינעווייניגסטע באַציאונג צו גבירים.

פון דער אַנדער זייט איז כאַראַקטעריסטיש זיין באַציאונג צו דער רעוואָלוציאָנערער סביבה. מיר האָבן שוין געזען ווי טביה, וואָס איז אַליין אַ גרויסער אָרעמאַן, אַ האָרעפּאַשניק, באַציט זיך צו איר. אָבער אָט האָבן מיר דעם אַלטן רייכן בחור אין מאָנאָלאָג „יוסף״ (געשריבן אין יאָר 1905). דער אַלטער בחור טרעפט זיך כסדר אין אַ רעסטאָראַן מיט דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, מיט וועלכער ער סימפּאַטיזירט שטילערהייט און איז מקנא אין דער זעלביגער צייט. אויסערלעך האַלט ער זיך גדלנות׳דיג:

„איך, זאָגט ער, אַז איך דערזע אַ שוואַרץ העמדל*), שטעלט זיך מיר פאַר, איך בעט איבער אייער כבוד, אויסגעריבענע הויזן״ . . .

אָבער פונדעסטוועגן:

„איך האָב נאָר פיינט, אַז מען זאָגט מיר, אַז איך בין אַ בורזשוי. וואָס פאַר אַ בוירזשוי בין איך? איך בין אַ מענטש גלייך מיט אַלע. איך לייען אַלע ביכלעך, מיט אַלע היינטיגע נייע (רעוואָלוציאָנערע, מ. כ.) גאַזעטן לייען איך גלייך מיט אַלעמען, — היינט וואָס בין איך פאַר אַ בוירזשוי!״

און דער שפּיץ איז, אַז אָט דער אַלטער פאַרמעגלעכער בחור, וואָס בטבע האַלט ער גאָר פון „אַ סמאָקינג מיט אַ ווייסן זשילעט״, „קויפט זיך אין איין חברה״, לייענט רעוואָלוציאָנערע ביכער און צייטונגען, גיט געלט אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, באַזוכט רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמ־

*) די רעוואָלוציאָנערע רוסלענדישע יוגנט פון אָנהויב יאָרהונדערט פלעגט געוויינלעך טראָגן שוואַרצע העמדלעך.

לונגען און איז שטילערהייט שטאַרק מקנא די רעוואָלוציאָנערן, זייער אַרט לעבן און זייער ראָלע אין דער וועלט.

און ווען אַ צווייטער אַלטער בחור שלום־עליכמ׳ס דערציילט אין דעם מאָנאָלאָג „דריי אַלמנות״ די טרויעריגע געשיכטע וועגן דעם געהאַנגענעם רעוואָלוציאָנער, איז עס ביי אים דורכגעדרונגען מיט דעם זעלביקן פּאַטאָס און סימפּאַטיע, וואָס אין טביה׳ס דערציילונג וועגן פּעפּערל. מען זעט אַז, אַלע סימפּאַטיעס, זיין גאַנצע באַוואונדערונג איז אויף דער זייט פון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, און ער געפינט אפילו נישט קיין וואָרט פון פאַר־וואורף פאַר די וויטאָגן, וואָס זי פאַרשאַפט אומווילנדיג אים פערזענלעך.

איך וויל מיט דעם, פאַרשטייט זיך, נישט זאָגן, אַז שלום־עליכם האָט זיך פּאָליטיש אָנגעשלאָסן אָן די אָנשויאונגען פון די רעוואָלוציאָנערן. אַזוי ווייט איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען. אָפּיציעל איז ער לאַנגע יאָרן, — און גראָד דעמאָלט ווען ער האָט געשריבן וועגן זיינע רעוואָלוציאָנערן, — געווען אַ ציוניסט. אינאיינעם מיטן גאַנצן אידישן קליינבירגערטום פון אָנהויב 20טן יאָרהונדערט איז ער געווען אינטענסיוו נאַציאָנאַליסטיש. אָבער צו זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט האָט עס געהאַט אַ קנאַפּע שייכות.

אָט, למשל, איז אַ סצענע, וואו שלום־עליכם ברענגט אַרויס אַ פּאָזיטיוון ציוניסטישן טיפּ און צוזאַמען מיט אים אַ מענטשן מיט רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע שטימונגען. ס׳איז פון דער דראַמע „צעזייט און צעשפּרייט״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1905. אין דער פינפטער סצענע קומט פאָר אַ געשפּרעך צווישן דעם פאָטער, מאיר׳ן, „אַ איד אַ סוחר, אַ פּראָסטער חי־וקים, אַן אויפגעקומענער גביר״ און זיינע צוויי זין: חיים, אַ ציוניסט, און וואָלאָדיע — אַ „חברה־מאַן״, דאָס הייסט, אַ סאָציאַליסט:

חיים: . . . מען שמועסט נאָר פון דעם, למאי זאָל אַ איד אַזוי אָנ־בויגן דעם קאָפּ פאַר אַ פּריץ היינטיגע צייטן?

„וואָלאָדי: וואָס עפּעס אַ איד? יעדער מענטש באַדאַרף זיך האַלטן מענטשלעך. אַ מענטש באַדאַרף קודם־כל אַכטן זיך אַליין, אַליין קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ מענטשן.

מאיר: גוט, גוט. דעם גראַף קען איך, ברוך־השם, ניט דאָס ערשטע יאָר. און כאָטש איך האָב אין די גימנאַזיעס ניט געלערנט, וועט ער פונדעסטוועגן אַוועקגעבן פאַר מיר דריי הונדערט פיינע בריה׳ס אַזעלכע, ווי איר. וואָרים ער ווייסט, פאַרשטייט איר מיך, אַז איך בין אים געטריי און איבערגעגעבן, ווי אַ הונט...

חיים און וואָלאָדי: (ביידע מיטאַמאָל). אָט־אָט, אָט דאָס מיינט מען טאַקע. אָט דאָס וואָרט הונט איז איבעריג!

שלום־עליכם פּרואווט דאָ געפינען אַ סינטעז צווישן חיים דעם ציוניסט, מיט וועלכן ער סימפּאַטיזירט סוביעקטיוו, און וואָלאָדי׳ען דעם סאָציאַליסט, וועלכער אימפּאָנירט אים שטענדיג מיט זיין ברייטערן מענטשלעכן צוגאַנג. דאָס וואָס ער מאַכט זיי ביידן צונויפקומען זיך אויף דער פּאַראורטיילונג פון דער „הינטישער" באַציאונג פון אידן צום פּריץ, איז אַ מין פּרואוו צו זאָגן, אַז אייגנטלעך מיינען זיי דאָך ביידע גוט. אָבער כאַראַקטעריסטיש פונדעסטוועגן איז, אַז שלום־עליכם מאַכט דאָ דעם ציוניסט איינצושטימען מיט דער ברייטער מענטשלעכקייט פון דעם סאָציאַליסט און נישט דעם סאָציאַליסט אונטערצוגעבן זיך דעם שמאָלן נאַציאָנאַליזם פון דעם ציוניסט.

און מיר דאַכט זיך, אַז אָט דער צוגאַנג צו די פּראָבלעמען און טיפן פון דעם ברויזנדיגן אַרום איז אַממערסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום־עליכמ׳ען. ער האָט זיך נישט באַטייליגט אַלס אַ צד אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, אָבער ווען ער האָט נאָר געהאַט די געלעגנהייט דערצו אַלס קינסטלער, האָט ער אַרויסגעוויזן זיינע סימפּאַטיעס צום צד פון דער רעוואָלוציע.

# דער שליסל צו שלום־עליכמ׳ען

„דאָס ווערק פון מיינע ווערק, דאָס בוך פון מיינע ביכער, דער שיר־השירים פון מיין נשמה״, אַזוי האָט שלום־עליכם כאַראַקטעריזירט אין דער ווידמונג צו זיינע קינדער דאָס לעצטע און דאָס בעסטע פון זיינע ווערק „פונ׳ם יאַריד״.

שלום־עליכם האָט געגעבן דער דאָזיגער אַרבעט זיינע אַן אונטער־טיטל: „לעבנס־באַשרייבונגען״. דער אמת איז, אַז שלום־עליכמ׳ס אַלע ווערק זיינען „לעבנס־באַשרייבונגען״, באַשרייבונגען, וואָס זיינען גענומען פון די סאַמע טיפענישן, פון דעם לעבעדיגן קוואַל פון אידישן לעבן. אָבער „פונ׳ם יאַריד״ איז אַ גאַנץ באַזונדערער מין לעבנס־באַשרייבונג. עס איז די באַשרייבונג פון דעם לעבן פון שלום־עליכמ׳ען אַליין.

דאָס איז שוין אַן אַלטער כלל: קיין שום שרייבער, אפילו דער געניאַל־סטער, אפילו דער מענטש מיט דער גרעסטער דערפאַרונג און מיט די גרעס־טע מעגלעכקייטן צו שטודירן מענטשן, איז ניט אַזוי גוט באַקאַנט מיט זיינע פאַרשיידענע העלדן, ווי מיט זיך אַליין.

„איך האָב אָוועקגעגעבן און אַריינגעלייגט אין דעם — שרייבט שלום־עליכם אין זיין דערמאָנטער ווידמונג, מיט וועלכער „פונ׳ם יאַריד״ הויבט זיך אָן, — דאָס בעסטע, וואָס איך פאַרמאָג, מיין האַרץ״.

דער אמת׳ער קינסטלער לייגט אַריין טיילן פון זיין „האַרץ״ (דאָס הייסט, פון זיין איך און פון אַל׳ך וואָס אָט־דער איך זיינער האָט איבערגעלעבט, איבערגעפילט און איבערגעטראַכט) אין יעדן ווערק זיינעם. ווען מיר זעען, אַז אַ קינסטלער ברענגט פאַר אונז אַרויס אַ סימפּאַטישן טיפּ, אין וועלכן ער שפּיגלט זיך, אין וועלכן ער איז אַליין פאַרליבט און וויל, אַז מיר זאָלן אים ליב באַקומען, — מעג מען זיכער זיין, אַז ער האָט אַריינגעלייגט אין דעם „העלד״ זיך אַליין, דאָס וואָס דעם קינסטלער געפעלט אַמבעסטן אין אים אַליין.

ווען מיר טרעפן ביי אַ קינסטלער אַ נעגאַטיוון טיפּ, וועלכן ער האָט פיינט, אָדער אַ קאָמישן, פון וועלכן ער לאַכט גוטמוטיג אָבער בייז, — איז דער דאָזיגער טיפּ ניט קיין אויסגעזויגענער פון פינגער און ניט פשוט אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ פרעמדן אידן, וואָס דער שרייבער האָט ערגעץ

געזען. ער לייגט אַריין אין דער שאַפונג פון דעם דאָזיגן טיפּ ניט נאָר די זכרונות וועגן די מענטשן, מיט וועלכער ער האָט זיך געטראָפן און וואָס זיינען אים ניט געפעלן. ער באַקליידיגט אים אויך מיט געוויסע נעגאַטיווע שטריכן, וואָס דער קינסטלער פילט אין זיך אַליין און פון וועלכע ער פרוואווט אויף אַזאַ אופן פטור ווערן. שוין ניט צו רעדן וועגן דעם, אַז ווען דער שרייבער דערציילט וועגן דער אָדער יענער באַציאונג פון זיינע העלדן צום אַרומיגן לעבן, וועגן זייערע אָפּרופן אויף זייער סאָציאַלער סביבה און לאַגע, דריקט ער דורך דעם אויס אַ טייל פון זיינע אייגענע אָפּרופן אין פאַרשיידענע צייטן, ביי פאַרשיידענע אומשטענדן, — כאָטש דאָס מיינט, נאַטירלעך, ניט, אַז דער שרייבער דאַרף איצט זיין איינשטימיג מיט אַלץ וואָס זיינע העלדן זאָגן אָדער טוען.

מיט אַנדערע ווערטער: וואָס עס זאָל ניט זיין דער באַזיס פון דעם קינסטלערס שאַפן און וואָס פאַר אַ פאָרם זיין שאַפונג זאָל ניט אָננעמען, ווערט אָבער דער וויכטיגסטער טייל פון דעם מאַטעריאַל פאַר דעם געוועב פון זיין ווערק גענומען פון זיין אייגענער ביאָגראַפיע. די ביאָגראַפיע פון דעם שרייבער גיט דעריבער אַ ספּעציעלן שליסל אויף אַריינצוקומען אין זיינע ווערק, — כאָטש מען דאַרף מער ווי איין שליסל צו זיינע באַזונ־דערע ווערק.

אויב עס איז ריכטיג, אַז דער שרייבער קען ניט קיין איינעם פון זיינע העלדן אַזוי גוט ווי זיך אַליין, איז עס אויך אמת, אַז ער איז אין קיינעם ניט אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט, ווי אין זיך אַליין. דאָס איז אַ פראַגע ניט וועגן עגאָטיזם, וועגן מאַכן זיך אַליין פאַר דעם צענטער פון דער וועלט. עס איז פשוט׳ער: מען איז זיך אַליין נאָענטער, באַקאַנטער, מען איז מיט זיך אַליין אינטימער. דערפאַר טאָקע זיינען די אויטאָביאָגראַפישע ווערק די סאַמע אינטערעסאַנטסטע ווערק פון קינסטלער, די אין וועלכע די בעסטע זייטן פון זייער טאַלאַנט ווייזן זיך אַרויס אין זייער פולן גלאַנץ, די אין וועלכע זיי ווייזן אַרויס די גרעסטע מענטשלעכקייט און די טיפסטע פאַרשטייעניש פון די דעליקאַטסטע שטריכן פון דער נשמה. נעמט, למשל, רוסאָ׳ס אויטאָביאָגראַפישע „ודוי״, אָדער לעוו טאָלסטאָי׳ס „קינדהייט און יוגנט״, אָדער מאַקסים גאָרקי׳ס „קינדהייט״ „צווישן מענטשן״ און „מיינע אוניווערזיטעטן״, אָדער טאַקע שלום־עליכמ׳ס „פונ׳ם יאַריד״.

מען קאָן אָבער ניט זאָגן אַז „פונ׳ם יאַריד״, וואָס טראָגט דעם כאַראַק־טער פון שלום־עליכמ׳ס אויטאָביאָגראַפיע, איז בלויז אַ פּערזענלעכע אויטאָ־ביאָגראַפיע. שלום־עליכם, וואָס האָט אַליין גענוי אָפּגעשאַצט זיין אייגענעם

ווערט אַלס מאָלער פון זיין צייט, דערציילט אַליין, ווי ער האָט לויט דער איינלאַדונג פון זיין פריינט, אברהם אליהו ליובאַרסקי, זיך אָנגעכאַפּט אָן דער „אידייע ברייט און אַלזייטיג צו באַשרייבן די פאַרגאַנגענע פופציק יאָריגע עפּאָכע פון אונזער אידישן לעבן און גלות״. ער, ליובאַרסקי, האָט געטראַכט וועגן אַ ראָמאַן פון דער עפּאָכע, אָבער, דערציילט שלום־עליכם, „איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט, נאָר אין אַן אַנדער פאָרם. אין דער פאָרם פון אַן אויטאָביאָגראַפיע, אָדער ראָמאַן־ביאָגראַפיע״. און ווען ער האָט גענומען אַרבעטן איף דעם, האָט ער דערפילט שוין ביי די ערשטע טריט: „די עפּאָכע הויבט ערשט אָן צו צעוואַקסן זיך, די בילדער הויבן ערשט אָן צו וועבן זיך, די געשעענישן הויבן ערשט אָן צו אַנטוויקלען זיך, און געשטאַלטן פון מענטשן לאַנג־פאַרשוואונדענע און טיפן פון מענטשן נאָך לעבעדיגע און גאַנץ בכבוד׳יגע בעטן זיך אויף פאַפּיר...״

לויט דעם פאַרנעם, מיט וועלכן שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן די אַרבעט איבער זיין אויטאָביאָגראַפיע, האָט עס געזאָלט זיין ניט נאָר „דאָס ווערק פון מיינע ווערק״ לויטן ווערט און אינהאַלט, נאָר אויך „דאָס בוך פון מיינע ביכער״ לויט דעם גרויס. י. ד. בערקאָוויטש, וואָס איז מער ווי ווער אַנ־דערש באַקאַנט מיט שלום־עליכמ׳ס אַרבעטן, זאָגט אַרויס די השערה, אַז „פונ׳ם יאַריד״ האָט זיך געזאָלט צעוואַקסן אין אַ ווערק פון וויניגסטנס צען בענדער. מעגלעך, אַז עס וואָלט געווען נאָך גרעסער, אורטיילנדיק לויט דעם, וואָס שלום־עליכמ׳ס ביאָגראַפיע ביז דעם מאָמענט, ווען ער איז אַרויס אין דער ברייטער וועלט, פאַרנעמט שוין צוויי בענדער. עס איז אויך זיכער, אַז ביי דער אַרבעט־פּייאיגקייט און אַרבעט־וויליגקייט, מיט וועלכער שלום־עליכם האָט זיך אויסגעצייכנט ביז זיין לעצטען מאָמענט, וואָלט ער זיין אַרבעט דערפירט ביזן סוף.

ליידער אָבער איז עס ניט באַשערט געווען. פון איין זייט האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט צו־שפּעט. ער האָט זי אָנגעהויבן אין יאָר 1913 און אין מיטן פון 1916 איז ער שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיגע. ער האָט דעריבער פשוט ניט באַוויזן אָנצושרייבן, וואָס ער האָט געפּלאַנעוועט, און פון דער אַנדער זייט איז ער אין זיין גרעסטער און לעצטער אַרבעט זייער שטאַרק געשטערט געוואָרן.

עס זיינען געווען די שווערע יאָרן פון דער וועלט־מלחמה. שלום־עליכם האָט אויף קיין איין טאָג ניט געהאַט קיין רואיגן ווינקל און האָט אַליין ניט געקאָנט זיין רואיג. די מלחמה האָט אים געטריבן פון דייטשלאַנד (וואו ער האָט זיך געפונען מיט זיין פאַמיליע ביים אויסברוך פון וועלט־קריג)

קיין קאָפּענהאַגן, פון קאָפּענהאַגן קיין ניו־יאָרק, וואו ער איז געקומען שוין אַ זייער קראַנקער מענטש. ביי אַזעלכע שווערע אומשטענדן האָט ער נאָך געמוזט שווער אַרבעטן, כדי אויסצושלאָגן די עקזיסטענץ. אין די עטלעכע חדשים, וואָס ער איז געווען אין קאָפּענהאַגן, האָט ער אָנגעשריבן אַ דראַמע „שווער צו זיין אַ איד". אין ניו יאָרק האָט ער געמוזט שרייבן צוויי זאַכן אַ וואָך פאַר די צייטונגען, אין וועלכע ער האָט געאַרבעט.

אָבער אויך דאָס זיינען ניט געווען די הויפּט־שטערונגען פאַר זיין אַר־בעט איבער „פונ'ם יאַריד". עס איז געווען נאָך אַ גרויסע שטערונג, וועלכע איז אַ רעזולטאַט פון דעם אַבנאָרמאַלן צושטאַנד פון דעם גאַנצן אידישן קול־טור־לעבן. אָט־וואָס שלום־עליכם דערציילט וועגן דער דאָזיגער סיבה:

„עס איז אַוועק עטלעכע יאָר אַרבעט. דאָס בוך („פונ'ם יאַריד") האָט גענומען וואָכן, קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל. נאָר וואָס קומט אַרויס? אַ בוך האָט פיינט צו ליגן. אַ בוך האָט ליב, אַז מען דרוקט און מען לייענט עס. עס איז געקומען צום דרוקן — איז ניטאָ וואו. דרוקן אויף אייגענע אַחריות —פעלט אַ אידישן מחבר פאַדעם. דרוקן אין אַ זשורנאַל — איז די אידישע ליטעראַטור נאָך ניט אויסגעוואַקסן זי זאָל האָבן אַ מאָנאַטשריפט, ווי ביי לייטן. בלייבט איבער ווידעראַמאָל אַ גאַזעט און אָבער אַמאָל אַ צייטונג. זאָגן די וואַרשעווער צייטונגען, אַז זיי האָבן קיין פּלאַץ ניט פאַר גרויסע ווערק. פעליעטאָנען גיט זיי, סקיצן, נאָוועלן. עטלעכע מאָל האָב איך די אַרבעט מיט אַ ביטער האַרץ געמוזט אַוועקלייגן".

באַקומען די מעגלעכקייט אָנצוהויבן דרוקן „פונ'ם יאַריד", קאַפּיטלעכ־וויז און טאַקע פאַרט אין „גאַזעטן", האָט שלום עליכם ערשט אין די לעצטע עטלעכע יאָרן פון זיין לעבן, פריער אין דעם ניו יאָרקער „טאָג" — וואו ער האָט אָבער אין דער זעלביגער צייט געמוזט באַצאָלן מיט „פעליעטאָנען, סקיצן, נאָוועלן" פאַר'ן רעכט צו דרוקן זיין אויטאָביאָ־גראַפיע. ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז ניט קיין וואונדער, וואָס שלום־עליכמ'ען איז ניט געלונגען איבערצולאָזן אונז מער פון זיין וואונדערלעכן „ווערק פון אַלע ווערק". אַן אמת'ער וואונדער און אַ גליק פאַר דער אי־דישער ליטעראַטור איז, וואָס ער האָט אונז איבערגעלאָזן כאָטש די ערשטע צוויי בענדער.

איך זאָג „אַ גליק פאַר דער אידישער ליטעראַטור" ניט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס ווערק אַליין איז אַ קינסטלערישער פּערל, נאָר נאָך צוליב אַן אַנדער זאַך. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע האָט ער אונז איבערגעלאָזן אַ שליסל צו זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט, צו דערקלערן פונוואַנען עס האָט זיך

ביי אונז געקומען אזא „דערשיינונג״, ווי שלום־עליכם. ער האָט אונז גלייכ־צייטיג אויך איבערגעלאָזן אַ שליסל צו זיין שעפערישער לאַבאָראַטאָריע. ער האָט אונז דערציילט פונוואַנען ער האָט גענומען זיינע טעמעס און זיינע פּאַרשוינען.

אין זיין קורצער ביאָגראַפיע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך אין יאָר 1903, לויט דער בקשה פון זיין פריינט, י. ח. ראַווניצקי, און וואָס איז ביי־געלייגט צום צווייטן באַנד „פונם יאַריד״, ווייזט שלום־עליכם אַליין דירעקט אָן אויף די קוואַלן פון אַ סך פון זיינע באַוואוסטע ווערק. אַזוי ווייזט ער אָן, אַז אין זיין „מעסערל״ האָט ער פאַרקערפּערט זיין אייגענע דערפאַרונג אין רב זרח מלמד׳ס חדר; אַז „גרינס אויף שבועות״ גיט איבער אַ ריי פּאַסירונגען פון זיין אייגענער קינדהייט: אַז די דערציילונגען „מתושלח״, „ראַבטשיק״ און „באַשעפעניש״ שפּיגלען אָפּ זיינע אייגענע קינדערשע שטי־מונגען און איבערלעבונגען; אַז די געשיכטעס מיטן „ערשטן האָנאָראַר״ און „ערשטע קריטיקע״ האָבן טאַקע פּאַסירט מיט אים אַליין, ווען ער איז נאָך געגאַנגען אין חדר. „געצויגן — דערציילט ער אין זיין קורצער ביאָ־גראַפיע — אַלץ אַהין, אין יענע עולמות פון רוחניות און חלומות, פון נגינה (זע „יוסילע סאָלאָוויי״), פון שפּילן (זע „סטעפּעניר״), און איך האָב אַליין, נאָך דער בר־מצוה, בגנבה זיך צוגעכאַפּט צום פידל, — און האָט געכאַפּט דעם רעכטן פּסק פון דעם טאַטן (זע „אויפן פידל״).״

מאָטל פּייסי דעם חזנס ברודער, אליהו, דעם חתן־בחור מיטן זילבערנעם זייגער און מיט דעם שפּראָצנדיקן בערדל, געדענקט איר? איז עס טאַקע געווען שלום־עליכמ׳ס ברודער עליע. און „אונזער חבר פּיני״ האָט איר מסתמא ניט פאַרגעסן? איז ער געמאַכט געוואָרן פון אַ ריפּ פון שלום־עליכמ׳ס „פעטער פּיני״. מען קאָן זאָגן אָן שום איבערטרייבונג: שלום־עליכם האָט ניט באַשריבן קיין איין טיפּ, וואָס האָט ניט געשפּילט אַ וועלכע עס איז ראָלע אין זיין אייגענעם לעבן; ער האָט ניט געשילדערט קיין אי־בערלעבונג, וואָס ער אַליין האָט פריער ניט איבערגעלעבט. אָט דערפאַר קאָן ער אַזוי געטרוי, מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיט אַלע דינסטע קלייטשעלעך, זיינע פּאַרשוינען. אָט דערפאַר זיינען זיינע איבערלעבונגען אַזעלכע אויפ־ריכטיגע און אמת׳דיגע און שטעקן־אָן דעם לייענער סיי מיט זייער שפּריצנ־דיגער פרייד, סיי מיט זייער באַהאַלטענעם טרויער. שלום־עליכם אַליין האָט אָפּגעשאַצט אָט די באַדייטונג פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, ווען ער האָט גע־שריבן אין דעם ערשטן קאַפּיטל פון דעם ווערק:

„... האָב איך צו מיר אַזוי געזאָגט: אַצינד איז די רעכטע צייט.

כאַפּ אַריין און שרייב, וואָרום קיינער ווייסט ניט, וועמעס מאָרגן עס איז. דו וועסט מאַכן אַ שטאַרב, וועלן קומען מענטשן, וואָס מיינען אַז זיי קענען דיך און ווייסן דיך, און וועלן אויסטראַכטן זאַכן, וואָס זיינען ניט־געשטויגן, ניט־געפלויגן. צו וואָס טויג עס דיר? אַמער נעם שוין בעסער אַליין, דו קענסט זיך בעסער פון אַלעמען, און דערצייל וועד דו ביסט, שרייב דיין אויטאָביאָגראַפּיע... דאָס הייסט: איך, שלום־עליכם דער שרייבער, וועל אייך דערציילן די ריכטיגע ביאָגראַפּיע פון שלום־עליכם דעם מענטשן, אָן צערעמאָניעס, אָן באַפּוצונגען און צאַצקערייען, ווי עס וואָלט אייך דערציילט, למשל, אַ זייטיגער פּאַרשוין, אַ ווילד־פרעמדער, נאָר אַזעלכער, וואָס איז געווען מיט אים אומעטום, וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט אים אַלע שבעה מדורי גיהנום".

און „שלום־עליכם דער מענטש" איז געווען דער וויכטיגסטער און אינ־טערעסאַנטסטער פון אַלע פּאַרשוינען פון „שלום־עליכם דעם שרייבער".

# ווי שלום־עליכם זעט זיינע מענטשן

אין נומער 44 פון די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" פון יאָר 1935, איז געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אונטער׳ן נאָמען „דער שליסל צו שלום־עליכמ׳ס הומאָר". דער שליסל איז שלום־עליכמ׳ס אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין יאָר 1903 צום ציוניסטישן שרייבער משה קליינמאַן, דעם שפּעטערדיגן רעדאַקטאָר פון דעם העברעאישן „העולם". דער בריוו האָט אַן אומגעהויערן אינטערעס פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון שלום־עליכמ׳ס שאַפונג־מעטאָד און מיר דרוקן אים דאָ איבער אינגאַנצן.

קיעוו, 3טן יולי, 1903.

מיין ליבער לעזער, מ. קליינמאַן פון באַרדיטשעוו!

אייער קאַרטל פון „יאַרמעלינעץ אויפן יריד" האָט מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגן, נישט דערמיט, וואָס איר האָט מיר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, (ווי עס זאָגט אַ באַרדיטשעווער מיידל, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטקע, בשעת איר חתן, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, טרעט איר אַן טאַנצנדיג אויפן פוס...) נאָר דערמיט, וואָס אַז איר האָט געוואָלט, האָט איר געפונען דעם ריכטיגן וועג, ווי אַזוי זיך מיטן מחבר דורכרעדן נישט דורכן שיינעם „המליץ". אפשר דערפאַר, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין פאַסנד וואָרט ווי „פילאַקסערע" *)? למה"ש נאָר נישט רעכענען, אַז איך בין אַ נוקם־ונוטר — אָסור אויב איך געדענק אפילו וואָס איר האָט דעמאָלט געשריבן! איך וויל אייך נאָר פרעגן ווי אַ וואוילן תלמיד, אַ קלוגן לעזער, און גלאָט אַ אידן נישט קיין שוו... שוין־זשע דאַרף מען זיין אַ „מאַרשאַלעק", ווי איר זאָגט, מען זאָל שרייבן אין „יוד" אַזעלכע זאַכן ווי „טעפּל", אויפן פידל", „קליינע מענטשעלעך", „ראַבטשיק", „חנוכה־געלט", „אַ מעשה מיט אַ פאָן", א. אַז. וו.? נישט פאַרגעסט נאָר, אַז דאָס איז אַלץ פונ׳ם „יוד" און אַלץ פון יענער עפּאָכע, ווען שלום־עליכם איז, נאָך אייער מיינונג, גע־

---

*) פילאַקסערע איז דער נאָמען פון אַ ספּעציעלער קראַנקהייט, וואָס כאַפּט זיך אַריין אין ווייַנטרויבן און קאָן צעשטערן אַ גאַנצן וויינגאָרטן. משה קליינמאַן האָט, ווי עס שיינט, אַמאָל באַנוצט אין העברעאישן „המליץ" אַזאַ וואָרט וועגן שלום־עליכמ׳ען.

ווען נאָך אַ מאַרשאַלעק. זייט זיך מודה, אַז פילאָקסערע איז אַ שיין וואָרט, און פילוקסריה ספרותית אין לשון־קודש איז מחיה־נפשות — און דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! . . .

און חוץ לזה איז גלאַט אַ פּאַרדראָסיגע זאַך, למאי אונזערע לעזער ווילן נישט פאַרשטיין קיין הומאָר, האָבן פיינט סאַטירע! וואָס זאָל איך טאָן, אַז עס קומט צום שרייבן, עס מעג זיין דער סיוזשעט טרויעריג ביז גאָר, מאַכן מיך די בילדער, די וואָס איך זע און געפין, — לאַכנדיג? בערל דער רויטער, ווי אומגליקלעך ער זאָל נישט זיין, העניך דער בחור, וואָס פאַר אַ שלים־מזל ער זאָל נישט זיין — קומען אַרויס ביי מיר פריילעך־לעבעדיג! וויפיל טרערן (טייכן, רייקעס, שטראָמען!) וואָלט דאָ פאַרגאָסן, נעבעך, דינעזאָן, וואָס איך האָב אים באמת ליב פאַר זיין ערלעכקייט און פאַר זיין הייליגער נאַאיוויטעט אינ׳ם שרייבן? וואָס זאָל איך טאָן, אַז לאַכן איז ביי מיר אַ מין חולאת, רחמנא לצלן, פון קינדווייז אָן? דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערזען אין מיין רבי׳ן, איז געווען די ווייכע בראָדעווקע, וואָס אויף זיין נאָז, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט זי אויסציען מיט צוויי פינגער, ווי מען ציט אויס אַ פיפקע פון גומילאַסטיק. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערזען אויף מיין רביצינ׳ס פנים איז געווען דאָס, וואָס איין ברעם איז געווען ביי איר אַ שוואַרצע, די אַנדערע אַ ווייסע. דאַכט זיך אַ קליינינקייט — אַ יאָ? נאָר אַז איך האָב זיך נישט לאַנג באַגעגנט מיט מיינעם אַן אַמאָליגן חבר, און האָב אים דערמאָנט דער רבי׳צינ׳ס צוויי פאַרביגע ברעמען, האָב איך געמיינט ס׳איז אַן עק פון מיין חבר — אַזוי האָט ער געלאַכט!

וואָס דאַרפט איר מער — דער ערשטער בר־מנן, וואָס איך האָב אין מיין קינדהייט געזען, האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט, אַז ער פינטלט מיט די אויגן, און דער געדאַנק, אַז אַ בר־מנן פינטלט מיט די אויגן, און דאָס בילד פון דעם, האָט מיך געמאַכט אַזוי לאַכעדיג, אַז איך האָב אַ צייט נישט געקאָנט שלאָפן . . . דער ערשטער אָרעמאַן, וואָס איך האָב באַגעגנט, איז געווען אַ קרומער אויף אַ פוס און האָט געהייסן אברהמ׳ל „שפרינגיילא״, דערפאַר, וואָס אַז ער האָט באַדאַרפט גיין, איז ער אונטערגעשפּרונגען אויף איין פוס, דעם אַנדערן צוגעהאַלטן מיט צוויי פינגער פון דער לינקער האַנט, און די צוויי פינגער זיינען אים געוואָרן מאָדנע צענומען און אויסגעבויגן, ווי ביי אַ האָן.

און ביי זיין ערשטער באַגעגעניש מיט מיר, בשעת ער האָט גענומען ביי מיין מאַמע אַ נדבה (פּורים איז דאָס געווען), האָט ער די דאָזיגע צוויי האָנעך־פינגער ממזר׳יש אַרײַנגעכאַפּט אין מויל אַריין און גיך צוריק אַרויסגעכאַפּט, געמאַכט בשעת־מעשה אַזאַ מינע, אַז אַן אייזערנע קאָטשערע באַדאַרף זיך קאַטשען פאַר געלעכטער. האָט מיר די מאַמע געשענקט צוויי פּעטש, איך זאָל נישט לאַכן פון קיין קאַליקע, און אברהמ׳ל שפּרינגיילאַ (פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן!) האָט געמאַכט אַ קרום פּנים גלייך ווי גאָרנישט ער...

איך האָב אַליין געזען אַן אָרימאַן, וואָס האָט פיינט געהאַט בעטלען, האָט ער געגעסן איין ברויטל אַ גאַנצע וואָך, אַלע טאָג אַ שטיקל, און בשעת׳ן בענטשן פלעגט ער צונויפלייגן די הענט אויפן טיש, ווי יעקב אָבינו בשעת ער האָט געבענטשט מנשה מיט אפרים׳ען, גע־קוקט אויפן איבערגעבליבענעם ברויט און געקוועטשט דעם ואכלת ושבעת אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט באַדאַרפט זיין פון אייזן, מ׳זאָל נישט פּלאַצן פון געלעכטער. און נאָך טויזענטער־טויזנטער אַזעלכע בילדער האָב איך געזען אין מיינע קינדער־יאָרן — בילדער טרויעריגע, וואָס נעמען אָן ביים האַרצן, נאָר לאַכן מוז מען, וואָרום ס׳איז לעכערלעך! איך האָב באַקומען נישט לאַנג אַ בריוו פון „פריינד“, איך זאָל זיי געבן אַ פעליעטאָן לכבוד תשעה־באב . . . איך האָב מיך געקוועטשט און האָב אָנגעשריבן אַ זאַך אַלאַ דינעזאָן, און האָב חרטה, וואָס איך האָב עס נישט פאַרברענט. לייענט דאָס איבער אויף טשיקאַוועס, וועט איר זען וואָס פאַר אַ פּנים די „אידישע נשמה“ האָט, אַז זי איז פאַרוויינט. ווי מיט שטריק האָב איך געבונדן מיין פּען, מיט טריוואַקס האָב איך פאַר׳חתמ׳עט מיינע ליפּן, זיי זאָלן נישט לאַכן — און ס׳איז אויסגעקומען חלשות! דערפאַר וועט איר לעזן אין „הילף“ אַ סקיצל (מיר רופן דאָס „שקיצע“) „הונדערט־איינס“; אומגליק, טרויער, פּיין, קנעכט, מוסרים, פאַרכעס — נאָר לעבעדיגע, פריילעכע, — כפי עס פאַסט און שטייט אָן פאַר —

שלום־עליכם

⁘ ⁘ ⁘

אגב דערוויסן מיר זיך פון משה קליינמאַנ׳ס אַרטיקל, וועלכן ווערט ציטירט אין די „ל. ב.“ נאָך אַ זייער אינטערעסאַנטע געשיכטע:

מ. קליינמאַן דערציילט, ווי אַ גרופּע באַרדיטשעווער ציוניסטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן „זשאַרגאָנישע“ ביכלעך צוליב ציוניסטישער

פראָפּאַגאַנדע, האָבן זיך געווענדט צו שלום־עליכמ׳ען, וועלכער איז אַליין געווען אַ ציוניסט, מיט אַ בקשה אָנצושרייבן פאַר זיי עפּעס אַ מעשה מיט אַ ציוניסטישער מאָראַל. שלום־עליכם האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט און האָט פאַר זיי געגומען שרייבן אַ גאַנצן ראָמאַן „משיח״, פון וועלכן ער האָט צוגעשיקט די פאַרלעגער די ערשטע קאַפּיטלען. ווען זיי האָבן אָבער דערזען וואָס ער האָט אָנגעשריבן, איז זיי געוואָרן פינצטער אין די אויגן: ער האָט געמאַכט פון דעם שטעטלדיגן ציוניסטישן פירער, וועלכן ער האָט אָנגערופן פאַנטעלעימאָן, אַזאַ וויסטע קאַריקאַטור, אַז די ציוניסטן האָבן זיך דערפילט באַליידיגט. האָבן זיי וועגן דעם געמאָלדן שלום־עליכמ׳ען. האָט ער מיט זיי גאַנץ שיין מסכים געווען, דערקלערט, אַז ער איז דאָס מאָל געשטרויכלט געוואָרן, און אַז פון איצט אָן וועט ער שוין מאָלן די ציוניסטן, ווי עס באַדאַרף צו זיין און האָט זיי אָנגעהויבן שיקן נייע קאַפּיטלען פון זיין ראָמאַן, וועלכע זיינען געווען נאָך שאַרפערע קאַרי־קאַטורן אויף די ציוניסטן. דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט געמוזט אָפּ־שטעלן דרוקן זיין ראָמאַן, ווייל אָנשטאָט צו מאַכן פראָפּאַגאַנדע פאַרן ציוניזם, איז ער גאָר געווען אַ קאַריקאַטור אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג.

און וואונדערן זיך איז, נאַטירלעך, ניטאָ וואָס. פונקט ווי מען קאָן ניט אורטיילן אַ מענטשן לויט דעם, וואָס ער זאָגט וועגן זיך אַליין, אַזוי קאָן מען אָפּט ניט אורטיילן קיין קינסטלער לויט דער אָפיציעלער אידעאָלאָגיע, וואָס ער נעמט אָן. אויב דער קינסטלער אין אַן עכטער, — ווי דאָס איז געווען שלום־עליכם, און די אידעאָלאָגיע איז אַ פאַלשע, — ווי דאָס איז דער ציוניזם — איז וואָס אויפריכטיגער דער קינסטלער וויל אַרויסברענגען מיט קינסטלערישע מיטלען די פאַלשע אידעאָלאָגיע, אַלץ קלאָרער זעט זיך אַרויס איר פאַלשקייט און אַלץ שאַרפער איז די קאַריקאַטור אויף איר.

# דער קינסטלער, זיין צייט און זיינע העלדן

אין בוך־געשעפט פון דער „מאָרגן־פרייהייט" איז איינמאָל אַריינגעקומען אַ לייענער, וואָס האָט צוריקגעבראַכט די ערשטע פּאָר בענדער שלום־עליכם, וואָס ער האָט געקויפט „על פי טעות". און צוריקקערנדיג די ביכער, האָט ער זיך אַנטשולדיגט: „איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, חבר, איך האָב דורכגעקוקט די ביכער און זע ניט אייך, וואָס מען האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן זיי. ס'איז אַלץ מעשיות און ליצנות. איר גיט מיר בעסער אָנשטאָט די ביכער אַ נוצלעכערן בוך: וועגן פאַשיזם, צי וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, צי וואָס".

איך גאַראַנטיר ניט פאַר דער פּינקטלעכקייט פון דעם געשפּרעך. אָבער די געשיכטע איז ניט קיין אויסגעטראַכטע. זי איז באמת פאָרגעקומען. און דאָ איז ניטאָ וואָס צו לאַכן. דער לייענער, וואָס האָט צוריקגעבראַכט שלום־עליכמ'ס בענדער איז מעגלעך געווען אַן ערנסטער לייענער. ער ווייסט, אַז פון אַ בוך דאַרף מען עפּעס לערנען, און ער וויל לערנען עטוואָס אַזוינס, וואָס איז פאַר אים וויכטיג: וועגן פאַשיזם, צי וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט בלויז געמאַכט אַ טעות — און אין דעם טעות איז ניט ער אַליין שולדיג, — ווען ער האָט געמיינט, אַז נוצלעכע ביכער זיינען נאָר וויסנשאַפטלעכע אָדער דירעקט־פּאָליטישע ביכער, און אַז שלום־עליכמ'ס ווערק זיינען בלויז „מעשיות און לצנות", פון וועלכע מען קאָן גאָרניט לערנען.

עס איז באַקאַנט ווי שטאַרק לענין האָט געהאַלטן סיי פון פּושקינ'ען און טאָלסטאָי'ען, און סיי אודאי שוין פון דעם פאָטער פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, מאַקסים גאָרקי'ן. לענין האָט זיך דערביי אָפּגעגעבן זייער אַ קלאָרן חשבון, אַז סיי טאָלסטאָי'ס אַ ווערק, סיי גאָרקי'ס, סיי בכלל אַ ווערק פון אַ גרויסן קינסטלער, ווירקט דירעקט ניט נאָר אויפן געשמאַק און ביינגעריגקייט, נאָר אויך אויפן באַוואוסטזיין פון דעם לייענער. אָפטמאָל — מען קאָן אפילו זאָגן מערסטנטיילס, — ווירקט אַ קינסטלערישע שילדערונג פונ'ם מענטשלעכן לעבן, פון געזעלשאַפטלעכע טיפן, פון אומגערעכטיגקייטן און פון קאַמף אַ סך מער דירעקט, טיף און איבערצייגנדיג, ווי

אַ וויסנשאַפטלעך ווערק, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט פאַקטן, ציפערן און די סאַמע בעסטע טעאָריעס. די אורזאַך איז אַ פּשוט'ע: כדי צו פאַרשטיין ווי געהעריג דאָס וויסנשאַפטלעכע בוך און גוט פאַנאַנדערקלייבן זיך אין זיינע טעאָריעס, דאָקומענטן און ציפערן, דאַרף מען האָבן אַ געוויסע צו־גרייטונג, וואָס ניט יעדער לייענער פאַרמאָגט. אָבער ווען דער אמת'ער קינסטלער מאָלט דאָס לעבן, מאַכט ער עס אָפט מיט אַ פּאָר שטריכן, מיט עטלעכע ווערטער, מיט אַ פּאָר בילדער אַזוי קלאָר און איבערצייגנדיג, אַז אפילו אַ מענטש וואָס האָט ניט קיין פּאָליטישע צוגרייטונג דערזעט און דערפילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

און עס איז ניטאָ דער מינדסטער צווייפל, אַז שלום־עליכם האָט גע־הערט צו אָט דעם מין קינסטלער. עס איז אמת, ער איז געווען געבענטשט מיט אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון הומאָר און איז געווען פייאיג אַרויס־צורופן ביים לייענער אַ שמייכל אפילו ביי אַזעלכע בילדער, ווען ס'האָט זיך געגלוסט וויינען. אמת, אַז ער איז געווען אַזוי איבערגעפילט מיט דעם שטאַרקן ווייַן פון דעם פאָלקס־וויץ און ווערטל, אַז ס'פלעגט ביי אים ממש איבערשוימען, און ער האָט זיך זייער זעלטן איינגעהאַלטן אָנצופּיקעווען זיינע ווערק מיט אָט די ווערטלעך, ווען ער האָט נאָר געהאַט די מינדסטע גע־לעגנהייט דערצו.

אָבער ניט דאָס איז דאָס וויכטיגסטע אין שלום־עליכמ'ס ווערק. אויב אין דער צייט, ווען שלום־עליכם האָט געשריבן, האָט אַ טייל עולם אים אפשר באַטראַכט פאַר אַ שפּאַספויגל, פאַר איינעם וואָס קאָן אפילו אַ טויטן מאַכן לאַכן און ער האָט עס אויך באַטראַכט פאַר איינער פון זיינע הויפּט־אייגנ־שאַפטן, — איז וואָס ווייטער יענע צייט רוקט זיך אָפּ פון אונז, וואָס טיפער מיר קוקן אַריין אין שלום־עליכמ'ען, אַלץ מער טרעט פאָר אונז אַרויס דער גרויסער קינסטלער, דער רעאַליסט, וואָס האָט געטריי און מיט אַ געניאַלער פייאיגקייט אַריינגעקוקט אין די טיפסטע טיפענישן פון דעם פאָלקס־לעבן, געשילדערט זיין געזעלשאַפט און זיין עפּאָכע און אַרויסגעבראַכט אירע אי־נערלעכע ווידערשפּרוכן.

דער „זיידע", מענדעלי מוכר ספרים, האָט אַמאָל וועגן זיך געזאָגט דעם היסטאָריקער דובנאָוו'ן דאָס, וואָס מאַרקס האָט פריער מיט אַ האַלבן יאָר־הונדערט געזאָגט וועגן דעם פראַנצויזישן קלאַסיקער באַלזאַק'ן:

„אַז מען וועט שרייבן די געשיכטע פון מיין צייט, וועט מען זיך אָן מיינע ווערק ניט קאָנען באַגיין. ווייל איך האָב אויך געשריבן געשיכטע."

ניט מיט קיין קלענערן רעכט וואָלט דאָס זעלבע געקאָנט זאָגן וועגן זיינע

ווערק שלום־עליכם. אויך זיינע ווערק זיינען היסטאָריש־געטרייע פאַר־צייכענונגען פון דעם לעבן פון די איבערלעבונגען, פון דעם שטייגער, פון די אינערלעכע ווידערשפרוכן, פון די טיפּישע פאַרשוינען פון זיין עפּאָכע. אין זיי, אין מנחם מענדלען, אין טביה דעם מילכיקן, אין מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס מיט זיין פאַמיליע, אין די כתרילעווקער אידן, אין שימעלע סאָראָקער, אין די פאַרשוינען פון זיינע דראַמאַטישע ווערק זעט זיך זיין עפּאָכע אַרויס קלאָרער, בולט׳ער, איבערצייגנדיקער, — ווייל לעבעדיגער — ווי אין פיל פון די פּובליציסטישע אָפּהאַנדלונגען אָדער היסטאָרישע דאָקומענטן פון יענער צייט. שלום־עליכמ׳ס ווערק אַליין זיינען לעבעדיגע דאָקומענטן.

אָבער זיי זיינען מער. די עפּאָכע, וואָס שלום־עליכם האָט געמאָלט, איז נאָך ווייט ניט געשטאָרבן, — אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אויך אין אונזער אַמעריקע, לעבן נאָך גאַנצע שטיקער פון איר. און די פאַרשוינען, וואָס האָבן געווירקט אין יענער עפּאָכע און וואָס רעדן צו אונז דורך שלום־עליכמ׳ען, זיינען אויך נאָך ווייט ניט אונטערגעגאַנגען. אַ סך פון זיי לעבן נאָך ביז איצט און גייען אַרום צווישן אונז.

די דאָזיגע פאַרשוינען שלום־עליכמ׳ס צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי האָבן פּיינט צו שווייגן. זיי באַוועגן זיך, קומען אין באַרירונג און אין צוזאַמענשטויס איינער מיטן אַנדערן, און רעדן און אורטיילן און פאַראור־טיילן, אָפּט לאַכן זיי און נאָך אָפטער לאַכן זיי אָפּ, אָדער זיי לאַכן זיך אויס, אָדער מאַכן זיך צום געלעכטער.

און אָט דאָס לאַכן און רעדן זייערס באַשטייט בשום אופן ניט פון לצנות אָדער פון דערציילן מעשיות גלאַט אין דער וועלט אַריין. דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז אַלץ וואָס זיי רעדן איז וויכטיג. שלום־עליכם האָט, פאַרשטייט זיך, אויך ניט געקאָנט איבערגעבן אַלץ וואָס זיי רעדן. ער האָט געמוזט אויסקלייבן. און אָט דאָס וואָס ער האָט אויסגעקליבן איז וויכטיג. וויכטיג דערפאַר, ווייל עס מאָלט ניט נאָר דעם אויסערלעכן אויסזען און לעבן פון זיינע מענטשן, נאָר נאָך מער, זייער אינעווייניגסטן אינהאַלט, דאָס, מיט וואָס זיי לעבן, זייער פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט און זייער אידעאָלאָגיע.

ס׳איז אַן אַלטער כלל, אַז מען טאָר ניט אידענטיפיצירן קיין קינסטלער מיט די מיינונגען פון זיינע פאַרשוינען. אַ בורזשואַזער שרייבער קאָן מאָלן אַ פּראָלעטאַרישן רעוואָלוציאָנער און פאַרקערט, אַ פּראָלעטאַרישער שרייבער קאָן מאָלן אַ פאַשיסט. כאַראַקטעריסטיש פאַר׳ן שרייבער זיינען ניט די מיינונגען פון זיינע העלדן, נאָר אין וואָס פאַר אַ ליכט ער שטעלט

זיינע העלדן אַרויס, פון וואָס פאַר אַ ווינקל ער אַליין גייט צו זיי צו. און אין דעם פּרט דאַרף מען זאָגן, אַז צווישן שלום־עליכמ׳ען און זיינע פאַר־שוינען איז געווען אַ זייער גרויסע נאָענטקייט. שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט זייער אַ סך פון זיי בפירוש ליב ווייזט, אַז ער האָט געפילט צו זיי אַן אינעווייניגסטע נאָענטקייט.

אָבער ווער זיינען שלום־עליכמ׳ס פּאַרשוינען? אין זייער גרעסטן טייל זיינען דאָס „עמך״, פּאָלקס־מענטשן, האַרעפּאַשניקעס, אַרעמעלייט, „אַרעמע. נאָר פריילעכע״. מיט אָט דער חברה פילט זיך שלום־עליכם שטענדיג ווי אין דער היים: ער רעדט מיט זיי, ער לאַכט מיט זיי, ער לעבט זיך אַריין אין יעדער מינדסטער קלייניקייט פון זייער לעבן און ער מאַכט, אַז דער לייענער זאָל אויך מיטלעבן מיט זיי. די דאָזיגע פּאַרשוינען שלום־עליכמ׳ס האָבן פיינט דעם גביר, באַציען זיך מיט אומצוטרוי צו די קהל׳שע קליאַמקעס און אינטעליגענטן, וואָס טראָגן זייער אינטעליגענטישן „יחוס״ פאַראויס אויף אַ זיידן קישעלע, זיי האַלטן ווייניג פון גביר׳ישקייט און פון די אַלע גביר׳ישע אַנשטעלן. זיי זיינען „פּראָסטע חי־וקימ׳ס״ און ווילן קיין אַנדער זאַך ניט זיין.

שלום־עליכמ׳ס טאָכטער, לאַלאַ קאָופמאַן, דערציילט אין אַ קאַפּיטל זכרונות וועגן איר פאָטער, וואָס זי האָט געדרוקט אין „בני ברית מעגעזין״ (יולי, 1937), ווי זיי האָבן אַמאָל געשפּאַצירט אויף דער רייכער בערלינער קורפירסטענדאַם־שטראַסע. פון פאָרנט פון זיי איז געגאַנגען אַ פעטע דאַמע אין אַ זייער רייכן פוטער־מאַנטל.

„קוק — זאָגט מיין פאָטער, — פע, ווי מיאוס!״

„פאַרוואָס — פרעג איך אים, — ווייל זי איז פעט?״

„אָ, ניין, קוק אויף איר מאַנטל!״ — זיין פנים באַקומט אַן אויסדרוק ווי ער וואָלט אַרויפגעטראָטן אויף אַ מויז. ער ווערט אפילו בלייך. — „וויפיל דאַרף אַזאַ מאַנטל אָפּקאָסטן? אַן אוצר! פאַר דעם געלט וואָלט אַ גאַנצע פאַמיליע פון אַן אָרימאַן געקאָנט אָפּלעבן אַ יאָר צייט... און זי שלעפּט עס אַרום אויף אירע פּלייצעס. פע, לאָמיר גיין אָביסל שנעלער...״

אָט אַזוי וואָלט וואַרשיינלעך געפילט אויך מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס.

מיינט עס צו זאָגן, אַז שלום עליכם אַליין האָט געהאַט די רעוואָ־לוציאָנערע אידעאָלאָגיע פון אַ באַוואוסטזיניגן האַרעפּאַשניק? ניין. ער איז געווען, קאָן מען זאָגן אויף אונזער איצטיגער שפּראַך, אַ „סימפּאַטי־זירער״, אַ מיטפילער, אָבער ער איז געשטאַנען אַ מייל אַן אַ זייט פון ברען פון קאַמף. דערפאַר האָט ער פערזענלעך געקאָנט אָננעמען זאַכן, וואָס זיינע

באַליבטע העלדן וואָלטן בשום אופן ניט מוחל געווען.

אָט איז איין כאַראַקטעריסטישערביישפּיל. שלום־עליכם באַגעגנט זיך צום ערשטן מאָל מיט דעם העברעאישן פּאָעט, ביאַליק׳ן, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַאַג, אין יאָר 1907. פּערזענלעך קען ער אים נאָך ניט. פאַרן קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די העברעאיסטן. שלום־עליכם קומט אַהין אַריין:

„דער עולם איז אויפגערעגט. און מער פון אַלע קאָכט זיך עפּעס אַ יונגערמאַנטשיק. ווייזט אויס אַ „בורזשוק״; ביי אונז אין דער היים הייסט ער אַ „קופּטשיק״. איך באַטראַכט דעם יונגנמאַנטשיק און באַשליס, אַז דאָס מוז מסתמא זיין אָדער אַ יונגערמאַן אַ משכיל, וואָס איז נאָר וואָס אַראָפּ פון קעסט, אָדער אַן איידעם, וואָס זיצט נאָך אויף קעסט. איך נעם ניט אַראָפּ דאָס אויג פון דעם קופּטשיק. און דער קופּטשיק שפּרינגט אַלע מאָל אויף („אידישע שרייבער״, ז. 102).

דערנאָך שטעלט זיך אַרויס, אַז דער דאָזיגער „בורזשוק״ און „קופּטשיק״ איז גאָר חיים נחמן ביאַליק. שלום־עליכם כאַפּט זיך מיט אים אַרום, ווערט צו אים צוגעזאָטן, פאַרברענגט מיט אים זיינע אָנגענעמסטע מאָמענטן און שפּאָסט פון זיך אַליין, וואָס ער האָט דעם „משורר לאומי״ גאָר אָנגענומען פאַר אַ „בורזשוק״.

אָבער וואָס איז דער אמת? דער אמת איז, אַז שלום־עליכמ׳ס אויג האָט אים ניט גענאַרט: ביאַליק איז דאָך טאַקע געווען דאָס, וואָס שלום־עליכם רופט אָן, — „אַ בורזשוק״ און אַ „קופּטשיק״. טביה דער מילכיגער, פּע־פּערל און מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס וואָלטן זיך מיט ביאַליק׳ן בשום אופן ניט געקאָנט אַרומכאַפּן, ווייל זיי איז אויף אַן אמת געווען פרעמד אַלץ וואָס איז פאַר ביאַליק׳ן געווען אַמוויכטיגסטן. אָבער שלום־עליכם פּערזענלעך האָט יאָ געקאָנט...

אָט די נאָכגיביגקייט און „באַלעבאַטישע״ משפּחה׳דיגקייט דריקט שלום־עליכם אויס אין אַן אַנדער אָרט, ווען ער דערציילט וועגן זיין פאַרברענגען מיט י. ל. פּרצ׳ן — אַ מענטשן, וואָס איז אין ס׳רוב קינסטלערישע און אידעאָלאָגישע פראַגן געווען דער היפּוך פון אים, — און ווי גוט פּרץ האָט זיך צו אים באַצויגן:

„איך וויל דענקען — שרייבט שלום־עליכם — אַז דעם אייגענעם איני־טערעס האָט פּרץ געהאָט אין אַנדערע שריפטשטעלער, וועלכע זיינען געווען באַענט צו זיין האַרצן. און עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין. וואָרום אויב מיר, שריפטשטעלער, זיינען אַ משפּחה, וואָס באַשטייט פון טאַטע און מאַמע,

שוועסטער און ברידער, פאַרוואָס זאָלן מיר זיין ערגער פון אַלע משפחות ? וואו שטייט עס, אַז מיר, שריפטשטעלער, באַדאַרפן זיין ענגהאַרציג, קוקן איינע אויף די אַנדערע ווי אויף קאָנקורענטן פאַר פאַרשיידענע לאַגערן ?״ („אידישע שרייבער״, ז. 77).

שלום־עליכמ׳ס טיפן פלעגן זיך דוקא יאָ פאַנאַנדערקלייבן אין די „פאַר־שיידענע לאַגערן״, ווען זיי פלעגן זיך אויף זיי אָנשטויסן. שלום־עליכם פערזענלעך וואָלט בעסער געוואָלט האָבן צו טאָן מיט אַ „משפחה״, איידער מיט אַ לאַגער. אָבער ער איז געווען קינסטלער געגנוג און אינערלעך ערלעך גענוג, אַז ער זאָל לאָזן זיינע פאַרשוינען גיין אויף זייער וועג, אַהין וואו זייערע אינטערעסן ציען זיי.

און אָט דיזאָזיגע קינסטלערישע ערלעכקייט, וואָס מאַכט דעם קינסטלער אָפטרעטן פאַר זיינע העלדן און זיי לאָזן זיך אויסלעבן אויף זייער אייגענעם שטייגער, איז איינער פון די סאַמע וויכטיגסטע שטריכן אין שלום־עליכמ׳ס לעבנס־ווערק.

# מנחם מענדל׳ס אידעאַלן

שלום־עליכמ׳ס מנחם־מענדל איז פון זיין „געבורט״ אָן (אין יאָר 1892) געוואָרן פונקט אַזוי אַ סטאַנדאַרד־טיפּ אין דער אידישער ליטעראַטור, ווי סינקלעיר לואיסי׳עס „באַביט״ איז עס געוואָרן אין דער אַמעריקאַנישער ליטעראַטור. פונקט ווי „באַביט״, וועלכער איז אַ כאַראַקטעריסטיש־אַמע־ריקאַנישע דערשיינונג, סימבאָליזירט מיט זיך ניט דאָס גאַנצע אַמעריקאַנישע פאָלק, נאָר אַ באַשטימטן קלאַס זיינעם אין אַ באַשטימטער עפּאָכע, ווען דער קאַפּיטאַליזם איז געגאַנגען באַרג־אַרויף און דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון לעבן איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן „אידעאַל״, אַזוי איז עס אויך מיט מנחם־מענדל׳ען. ניט געקוקט אויף זיין טיפער „אידישלעכקייט״, אויף זיינע „טיפּיש־אידישע״ העויות, שפּראַך, איינפאַלן און באַשעפטיגונגען, כאַ־ראַקטעריזירט ער אָבער ביי שלום־עליכמ׳ען בשום אופן ניט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, נאָר אַ באַשטימטע גרופּע זיינע אין אַ באַשטימטן פּעריאָד.

ווער איז מנחם־מענדל? מנחם־מענדל ווען עס גייט אין רוסלאַנד כסדר מיט דער פוטער אַראָפּ, וואָס בויט תמיד לופט־שלעסער און בלייבט בלויז ביי לופט, — מנחם־מענדל איז דאָך אייגנטלעך דער קומענדיגער „אַלראַיטניק״ פון אַמעריקע, — דער אידישער „אַלראַיטניק״, ווי מיר האָבן אים געקענט אין דעם ערשטן פערטל פון דעם איצטיגן יאָר הונדערט. שלום־עליכם אַליין גיט אָן אָנצוהערעניש וועגן דעם, ווען ער דערציילט אין דעם פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע פון „מנחם־מענדל״, אַז ער האָט מיט אים „דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום אין יעהופּעץ אויף דער בערזע, „געגאַנגען״ מיט אים קיין פּעטערבורג און קיין וואַרשע און... געמוזט סוף־כל־סוף טאָן דאָס, וואָס אַלע אידן טוען: עמיגרירן קיין אַמע־ריקע.... דאָרט, זאָגט מען, מאַכן אידן ניט שלעכט...״

מען דאַרף אָבער זאָגן, אַז אויב דער שלימ־מזל׳דיגער מנחם־מענדל האָט אין צאַרישן רוסלאַנד ניט געהאַט די מעגלעכקייט פאַנאַנדערצופירן די הענט און האָט ניט פאַרמאָגט קיין מיטלען אויסצונוצן דאָס, וואָס אים איז אַריינגעפאַלן אין די הענט, — אויב ער האָט אין רוסלאַנד ניט געהאַט די באַדינגונגען, ביי וועלכע עס זאָל פון אים אַרויסוואַקסן די „שמעקעדיגע בלום״ פונ׳ם שפּעטערדיגן הונדערט־פּראָצענטיגן אַמעריקאַנער אַלראַיטניק,

— האָט ער אָבער שוין דעמאָלט געהאַט אַ גאַנצן „סעט" מיט „אידעאַלן", וואָס זיינען געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דעם אַלראַיטניק.

דער ערשטער און גרעסטער „אידעאַל" מנחם־מענדל'ס איז „פאַרדינען גראָבע עטלעכע קערבלעך" און דערביי אַריינלייגן אין דעם וואָס ווייניגער אַרבעט. בעת אַ טביה דער מילכיגער, למשל, האַלט זיך אין איין פאַר־טראַכטן וועגן דעם זינען פון מענטשנס לעבן, וועגן דער אידישער לאַגע, וועגן באַציאונגען צווישן אידן און ניט־אידן, וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, א. אַז. וו., — מיט איין וואָרט, וועגן כלל־פראַגן, — ווייסט מנחם־מענדל בלויז וועגן איין איינציגן „כלל": כאַפּן דאָס „גראָבס" און ווערן אַ גביר איבער נאַכט. „דאָס לאָנדאָן, — שרייבט ער זיין ווייב, שיינע שיינדל'ען, שוין אין זיין ערשטן בריוו — איז אַזאַ מסחר, וואָס מען קאָן דערביי גליקלעך ווערן אין איין טאָג. אַט איז ניט לאַנג אַרויסגעקומען אַהער איינער, עפּעס אַ שמש, און האָט געכאַפּט אין איין שמע־ישראל דרייסיג טויזנט און הערט זיי היינט אַלעמען ווי דער קאַטער... איך זאָג דיר, זוגתי היקרה, ממש עס וואַלגערט זיך דאָ גאָלד אין די גאַסן" *). שפּעטער ווערט זיך אים די זעלביגע „גאָלד אין די גאַסן" חלומ'ען אין אַמעריקע.

פון וואַנען צו מאַכן די „גראָבע עטלעכע קערבלעך", איז מנחם מענדל'ען, פאַרשטייט זיך, אַלץ איינס. קיין פּאַך האָט ער ניט, ווען ער וואָלט אים אַפילו געהאַט וואָלט ער זיך צו אים סיי ווי באַצויגן מיט פאַראַכטונג, ווייל קיין גביר און מיטאַמאָל קאָן מען פון אַרבעט ניט ווערן. דעם סוד פון וואַנען עס „מאַכט זיך" געלט, ווייסט ער ניט און אינטערעסירט זיך מיט דעם ניט. די הויפּט־זאַך איז פאַר אים די „אונטערשטע שורה": „השם יתברך וועט העלפן, עס וועט „אַוועקגיין די רעכטע זייט", וועל איך, אם ירצה השם, פאַרדינען געלט, און אַ סך" (ז. 17)

מיט „השם יתברך'ן" איז מנחם־מענדל ווי אַנדערע צוויי. השם יתברך איז ממש אויב ניט אַ שותף אין זיין געשעפט, איז זיין הויפּט־אַרויסהעלפער. ביי אים איז עס כסדר אַזוי: אַז גאָט וועט העלפן און השם יתברך וועט וועלן „און צו גאָט — שרייבט ער שיינע שיינדל'ען, — אַ האָפענונג, איך וועל אם ירצה השם כאַפּן אַ פון־אויבן, וואָרום עס גייט מיר, קיין עין־הרע די לעצטע צייט..."

אין זיין שפּעטערדיגן „אַלראַיטישן" גלגול אין אַמעריקע וועט מנחם־

*) „מנחם מענדל", באַנד 2 פון „אַלע ווערק פון שלום־עליכם", אַרויסגעגעבן פון דער „מאָרגן־פרייהייט".

מענדל אויך זיין אַ גאַנצער קנעפּל מיט גאָט און וועט אים פאַר זיין טרחה צאָלן מיט „שיינע נדבות" פאַר „רעלידזשאַן".

מנחם־מענדל, ווי דער שפּעטערדיגער אַלראַיטניק, וואָס האָט אין די יאָרן פון דעם בראַנזווילער און שפּעטער פלאָרידער „בום" ספּעקולירט מיט לאָטס און מיט הייזער, איז אַ גוואַלדיגער בעל־בטחון און פּונקט אַזאַ גע־פּערלעכער פּחדן. גייט עס אים אַביסל, איילט ער זיך צו מעלדן שיינע שיינדל'עך, אַז „והשנית זיי וויסן, אַז איך קנאַק און פלי, איך ברען, איך שפּרינג אין פייער, איך וואַקס, איך וואַקס!... אַ סך זיינען מיר מקנא וואָרום וואָס איך קויף היינט ווערט מאָרגן טייער" (ז 62). אין אַזאַ מאָמענט איז ער זיכער: „כאָטש גאָר קיין גרויסן בייטל ניי איך זיך ניט, נאָר איך רעכן אַלצדינג, שוין נאָך אַלע הוצאות: קאַרטאַזש, גנבה־אַזש, אָרום און אָרום — קרוב צו פערציג־פופציג טויזנט. השם יתברך זאָל העלפן וועל איך אם ירצה השם „ראַליזירן" אַלע מיינע פּאַפּירלעך און וועל מיך „אי־בערקערן אויף דער אַנדער זייט", דאָס הייסט, איך וועל גיין אַ־לאַ־בעס... און וועל פאַרדינען געלט אויף דער „לינקער זייט" נאָכדעם וועל איך מיך אַ וואָרף טאָן צוריק „אַ־לאַ־האָס" און ווידער אַמאָל כאַפּן אַ גראָבס. אַז דער אויבערשטער זאָל נאָר וועלן, קאָן פון די פופציג טויזנט ווערן מאה אלף, פון די מאָה אַלפים — רי"ש אַלפים, פון די רי"ש אַלפים — ת"ק און אַזוי ווייטער, ביז אַ מיליאָן. ווי אַזוי־זשע דען, נאַרעלע, ווערט מען אַ מיליאָנ־שטשיק, אַ בראָצקי, און וואָס, מיינסטו, איז בראָצקי? אַ בשר ודם, וואָס עסט און טרינקט און שלאָפט"... (ז. 70).

מנחם־מענדל פּילט, אַז דעמדאָזיגן סאָרט נוצלעכע אַרבעט, „עסן, טרינ־קען און שלאָפן" קאָן ער אויך טאָן אויסגעצייכנט, איז פאַרוואָס זאָל ער טאַקע אויך ניט ווערן קיין מיליאָנשטשיק, ווי בראָצקי?

אָבער ווי נאָר דאָס רעדל גיט זיך אַ דריי און זיינע „פּאַפּירלעך" פאַלן אַראָפּ, פאַרלירט דער „גרויסער העלד" זיין גאַנצן מוט און די וועלט גייט ביי אים ממש אונטער:

„זיי וויסן — שרייבט ער צעטומלט — אַז עס טוט זיך חושך, עס איז אונז אַלעמען פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ווי אַ דונער האָט דאָס אונז דערשלאָגן, ווי אַ באָמבע! עס איז געוואָרן פינצטער אין אַלע קאַנטאָרן, ערד־ציטערניש אויף קרעשטשאַטיק, עס איז געוואָרן אַ לויפעריי, אַ בהלה, אַ פּחד, אַ מהומה עס איז חורבן בית־המקדש!"

דאָס וועט אים, פאַרשטייט זיך, ניט שטערן אַרומגעכאַפּט צו ווערן מיט נייע האָפענונגען, ווי נאָר דאָס רעדל אויף דער בערזע וועט זיך אַ דריי־

טאָן, — פונקט ווי עס האָט זיך אין מנחם־מענדל׳ס „אַמעריקאַנישע״ צייטן „געדרייט״ אויף וואָל־סטריט.

אָבער צו־וואָס דאַרף מנחם־מענדל געלט? וואָס דענקט ער דערמיט צו טאָן ווען ער וועט ווערן אַ גביר? ווען ער וואָלט געוואָרן אַ גביר „וואָלט איך — פאַרזיכערט ער — איצט אַרויסגעשטעלט די וועלט דריי פייגן״, — פונקט ווי דער שמש, וועלכן ער האָט פריער דערמאָנט, וואָס „האָט גע־כאַפּט אין איין שמע־ישראל דרייסיג טויזנט און הארכט זי (די וועלט, הייסט עס, — מ. כ.) ווי דער קאָטער״.

דער שלים־מזל מנחם־מענדל, דער פּאָטענציעלער אַלראַיטניק, איז ניט סאָציאַל, ווען אים איז שלעכט, אָבער ער ווערט חוצפּה׳דיג אַנטי־סאָציאַל, ווען ער „קריגט אַריין דאָס גראָבס״, ווען ער „באַקומט די מאַטניאַ״, ווען ער קען זיך פּאַטשן אין בייכל און אין באַנק־ביכל.

צו וואָס דאַרף ער זיינע קאַפּיטאַלן? צוליב אַ שיין לעבן. מען דאַרף ניט מיינען: מנחם מענדל האָט אויך אַן אידעאַל פון אַ שיין לעבן, אָבער, פאַרשטייט זיך — וואָס פאַר אַ „אידעאַליסט״, אַזאַ אידעאַל.

אין זיין פריען פעריאָד, ווען ער איז נאָך אַליין ניט אויפן פערד, קוקט זיך מנחם־מענדל צו צו דעם ווי „לייטן״ לעבן, און עס טוט אים וואויל־געפעלן און ער באַלעקט דערביי די דערוויל טרוקענע ליפּן. אָבער כאָטש זיין קאָפּ איז נאָך אין דר׳ערד זיינען זיינע פיס שוין אין הימל, ער רעכנט זיך שוין צו צו „זי״, צו די וואָס האָבן „געכאַפּט דאָס גראָבס״, און ער שרייבט צו זיין ווייב, שיינע שיינדל׳ען קיין קאַסרילעווקע, אין דעם זעלביגן טאָן, ווי דער שפּעטערדיגער אַמעריקאַנער אידישער אַלראַיטניק האָט גע־שריבן צו זיינע אָרימע קרובים אין „היימישן״ שטעטל:

„ווייַנטרויבן — דערמאָנט ער שוין אין זיין צווייטן בריוול פון אָדעס — עסט מען דאָ ניט ווי ביי אייך אין קאַסרילעווקע ראש־השנה אויף שהחינו, — דאָ עסט מען ווייַנטרויבן אַלע טאָג אין מיטן גאַס, מען שעמט זיך גאָר־ניט״. (ז 18)

מנחם־מענדל אַליין שעמט זיך פון אָנהויב אַביסל יאָ, אָבער ער קאָן די אויגן ניט אָפּרייסן פון דעם „שיינעם לעבן״. „דער עולם — שרייבט ער מיט הנאָה — צעפּאָרט זיך אויף די פאָנטאַנען, אָדער גאָר אויפן לאַנדזשעראָן. דאָרטן קריגסטו וואָס דו ווילסט, וואָס דיין האַרץ גלוסט...״ (ז. 23).

שפּעטער: „די אָדעסער שול מעג מען אָנקוקן. דער חזן גייט דוקא

געגאָלט די באָרד, נאָר עברי קען ער אַביסל בעסער פון אייער אַלטן דראָנג משה־דוד״. אין דעם אינטערעס צום חזן פילט זיך נאָך דער קליינשטעטל־דיגער מנחם־מענדל.

אָבער ער וואַקסט און זיינע „אידעאַלן״ וואַקסן. שרייבט ער שוין זיין ווייב מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אַז אין בויבעריק, וואו ער „כאַפּט זיך אַראָפּ״ „זיצט די גאַנצע חברה שפּעגעלאַנטן אויף די דאַטשעס און מ׳שפּילט אַ גאַנצע נאַכט אין קאָרטן (זכרים מיט נקבות אינאיינעם, אַזוי איז דאָ דער מנהג . . .)״.

אפשר פון דאַנען שטאַמט עס דער גוואַלדיגער אינטערעס פון אַלע מינים אַמעריקאַנער אַלראַיטישע זכרים און נקבות צו קאָרטן, — ספּעציעל ווען זיי כאַפּן זיך אַראָפּ „אויפן שויס פון דער נאַטור...״

אין אַ וויטערדיגן בריוו באַרימט זיך שוין מנחם־מענדל פאַר זיין ווייב: „זאָלסט אָנקוקן, זוגתי היקרה, ווי אַזוי קליינע מענטשעלעך, מעקלערס, אָרימעלייט זיינען פלוצים, מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן, געוואָרן גבירים אַדירים! מען זיצט שוין אויף דאַטשעס אין בויבעריק, מען פאָרט זיך באָדן אין אויסלאַנד, זייערע דאַמעס גייען איינגעטונקען אין גאָלד און אין סאַמעט, די קינדער פאָר אַרום אויף ליסעפּעדן, אין שטוב האַלט מען גובערנאַנטקעס, מען רעדט אויף פראַנצויזיש און מען שפּילט פּיאַנאָ, מען עסט איינגעמאַכטס און מען טרינקט ווישניק, אַ קערבל איז אַ ממזר, עס איז חי־געלעבט און אַן עק, און אַלץ פון די „פּאַפּירלעך״! (ז. 51).

ווי מיר זעען — ממש אַ גאַנצע לעבנס־פּראָגראַם, וועלכע דער אַלראַיט־ניק אין אַמעריקע האָט שפּעטער געפּרואווט פאַרווירקלעכן, ווי מען זאָגט, „מיט אַ פולן מויל״.

און שפּעטער ווידער:

„אַלע מעקלער זיינען איצט געוואָרן קופּצעס, זאָלסט זען, ווי מען לעבט, ווי מען עסט!... היינט די דאַמעס זייערע מיט די דימענטן און בארליאַנטן...״ און וועגן בראָצקי׳ן שרייבט ער, אַז „ווען ער פאָרט דורך אין קאָרעטע ציטערט דער קרעשטשאַטיק, און אַלע אידן נעמען אַראָפּ די היטלען, און איך אויך בתוכם. שיין וואָלט זיין, ווען איך ווער אַמאָל אַ בראָצקי! אַז גאָט וויל, נאַרעלע . . . ״

מנחם־מענדל׳ס „אידעאַל״ איז ווי מיר זעען: קודם־כל געלט. און נאָכן געלט קומט שוין — פרעסן און „באַרליאַנטן״ און קאָרטן און כבוד און, — וואָס איז דאָ צו באַהאַלטן — טאַקע „דאַמעס״ אויך. די „דאַמעס״

חלומ׳ען זיך אים גאַנץ אָפּט אין זיין שלים־מזל׳דיגן לעבן:

„די היגע מענטשן — קוועלט ער אָן פון יעהופּעץ — זיינען אַזוי צו־געלאָזט, סיי די מאַנסביל, סיי די נקבות...

און אין אַ שפּעטערדיגן בריוו:

„די גרעסטע מעקלערס פון אַלע זיינען די צוקער־מעקלערס, זיינען זיי מאַסף ממון, פאָרן מיט אייגענע קאַרעטעס, זיצן אין בויבעריק אויף דאַטשעס, שפּילן אין קאָרטן און האָבן „סאָדערזשאַנקעס מיט שאַנשענעטקעס״... הכלל, איך האָב אַרויסגעזען, אַז מעקלעריי איז דאָס בעסטע געשעפט... (ז. 91).

:: :: ::

אָט דאָס איז מנחם־מענדל, אָט דאָס איז זיין שפּראַך און זיינע אידעאַלן. אין זיין שפּראַך — ווי אין זיינע געשעפטן — צעכראַשטשעט, צעפּליאַדערט, אָן אַ וועלכער עס איז פּייאַיקייט אויסצוקלייבן אַ וואָרט, אַריינטראַכטן זיך אין דעם, וואָס ער זאָגט, צו פאַרשטיין וואָס ער אַליין רעדט. אין זיינע אידעאַלן — אָן אַנטי־סאָציאַלע, עגאָאיסטישע, גראָב־רויב־באַשעפענישע, וואָס פּישטשעט ווי אַ מויז, ווען עס איז אים שלעכט, אָבער וואָס רעוועט ווי אַן אייזל, אָדער הירזשעט ווי אַ פערד, ווען ער דערפילט אין האַנט דעם ערשטן ניט־פאַרדינטן גראָשן.

מנחם־מענדל איז אין דער אידישער ליטעראַטור פאַרוויגט געוואָרן פאַר אַ טיפּ פון אַ שלים־מזל. אָבער זיין שלים־מזל׳דיקייט איז געווען בלויז אַן אָרטיגע און צייטווייליגע דערשיינונג, אַזוי לאַנג ווי ער האָט געזוכט צו „כאַפּן אַ גראָבס״ אונטער די אומגינסטיגע באַדינגונגען פון דעם צאַרישן רוסלאַנד. שפּעטער, אין אַמעריקע און אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט זיך דאָס דאָזיגע ווערימל אַנטוויקלט אין דעם ריכטיגן מיסט־זאַמלענ־דיגן זשוק, אָדער אין דער בלוט־זויגנדיגער מאָסקיטאָ, און אין די שווערסטע און רעאַקציאָנערסטע צייטן האָט מנחם־מענדל אין זיין אַלרייט׳ישן גלגול, געגומען קריכן מיט די פיס אויף אַלע טישן אויבנאָן.

# טביה, זיין שפּראַך און זיין פילאָסאָפיע

טביה דער מילכיגער האָט זיך צום ערשטן מאָל „באַוויזן צווישן לייטן" נאָך אין יאָר 1895, אין סאַמע ברען פון דער רוסישער צאַרישער רעאַקציע, ווען ס'האָבן נאָך אין אידישן לעבן ניט עקזיסטירט קיין איינע פון די מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען; ווען ניט נאָר די באַגריפן, נאָר אפילו די ווערטער רעוואָלוציע און סאָציאַליזם זיינען געווען אומבאַקאַנט און פרעמד דעם אידישן אויער. אין יענע צייטן, און אַ לאַנגע צייט נאָכדעם, איז דער וואָרט-זאָגער, דער תקיף, דער מיוחס, דער „שיינער איד", געווען דער גביר, דער וואָס האָט געהאַט די ממתקים; און פאַרקערט, אַן אָרימאַן, אַ בעל-מלאכה, אַן אַמכאָ איז געווען אַ פלעק אויף דער משפחה, איינער וועלכן מ'האָט זייער גערן געהאַלטן אויף יענער זייט שוועל.

אָט אין יענער צייט האָט עס שלום-עליכם צום ערשטן מאָל אַרויסגעבראַכט פאַרן אידישן לייענער טביה דעם מילכיגן, — אַ איד אַן אָרעמאַן, אַ קבצן אין זיבן פאָלעס, אַ מענטש מיט אַ שוואַכקייט צו אַמכאָ'דיגע „תורה"-ווערטלאָך, אַ איד וואָס שלעפּט זיך אָרום מיט אַ פערד און וועגעלע. טביה'ס פערד און וועגעלע זיינען געווען אַ ירושה נאָך פון מענדעלע מוכר ספרים'ס טראַדיציע, פון דער קליאַטשע, פון פישקע דעם קרומען. אָבער דער אינהאַלט פון זיין וועגעלע איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער. „רב מענדעלע" איז געווען אַן „איידעלער איד", אַ בעל-תורה, אַ למדן אין ברילן, און אויב ער האָט אָנגעטריבן אַ פערדל, האָט ער אָבער דידאָזיגע פּראָסטע מלאכה אויסגעקויפט דערמיט, וואָס זיין וועגעלע איז געווען אָנגעפילט מיט ספרים, ציצית, שיר-המעלות און קמיעות. טביה איז אָבער גאָר אַן אַנדער מענטש. ער איז אַ פּראָסטער חי-וקים, אַן שום אָנשטעלן. און זיין וועגעלע איז אָנגעפילט ניט מיט קיין גייסטיגער עולם-הבאָ סחורה, נאָר מיט פשוט'ע גשמיות'דיגע קעז און פוטער, שפּייז פאַרן גוף און פּראָדוקטן טאַקע פון זיין אייגענער האָרעוואַניע.

ווי געזאָגט: מענטשן פון טביה'ס שניט האָבן דאַמאָלט אין אידישן לעבן ווייט ניט באַלאַנגט צו די גרעסטע מיוחסים. אָבער אין דעם איז טאַקע באַשטאַנען שלום-עליכמ'ס גרויסער געזעלשאַפטלעך-ליטעראַרישער אויפ-

טו, וואָס ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער סאַמע טיפעניש פון אידישן לעבן, אויסגעפונען דאָרטן אַזאַ יאָדערדיקן סאַמאַראָדנעם אָרימאַן און האָרעפּאַשניק, ווי טביה און האָט אים געמאַכט פאַר איינעם פון די ליכ־טיגסטע און באַליבסטע טיפּן אין דער אידישער ליטעראַטור. שלום־עליכם אַליין האָט כאַראַקטעריזירט זיין אויפטו מיט טביה׳ן דורך דעם פּסוק, וואָס ער האָט געשטעלט אַלס מאָטאָ איבער דעם ערשטן קאַפּיטל טביה: „מקימי מעפר דל, מאַשפּות ירים אביון״ (ער שטעלט אויף פון דער ערד דעם אָרעמאַן, פונ׳ם מיסט הויבט ער אויף דעם אביון).

און וואָס ווייטער טביה האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַנאַנ־דערגעוויקלט פאַר די לייענער — דורך די געשיכטעס וועגן זיינע טעכטער און איידעמס, וועגן האָדל׳ען מיט איר רעוואָלוציאָנערן „פּעפערל״, וועגן ביילקע׳ן מיט איר גביר׳ישן פדאָצור׳ן, וועגן צייטל מיט איר מאָטל קאַמזויל און וועגן חוה׳ן מיט איר „שייגעץ״, — אַלץ מער איינגעבאַקן איז טביה גע־וואָרן אין האַרצן פון אידישן עולם, אַלץ מער ליב האָט מען אים באַקומען, אַלץ מער האָט די אידישע מאַסע אויסגעפונען, אַז דורך טביה׳ן קומט זי אַליין צום וואָרט. און מען קאָן זאָגן: עס איז ניט געווען קיין אידיש הויז, וואו נאָר מען פאַרשטייט אַ וואָרט אידיש, אַז טביה זאָל דאָרטן ניט זיין קיין אָנגעלייגטער גאַסט און מען זאָל ניט קלייבן קיין נחת פון טביה׳ס מעשיות און טביה׳ס פילאָסאָפיע און ווערטלעך.

שלום־עליכם איז געווען איינער פון די גרעסטע מייסטערס פון דער אידישער שפּראַך. אָבער טביה׳ס שפּראַך איז אַ מייסטערווערק פאַר זיך אַליין. זי איז ניט נאָר אידיש, זי איז ניט נאָר טיף איינגעוואָרצלט אין דעם גאַנצן אידישן שטייגער, אין דעם גאַנצן אידישן אופן פון דענקען און באַ־נעמען זאַכן. ס׳איז אַ שפּראַך, וואָס יעדער זאַץ און יעדער בויג און קנייטש אין איר איז באַלד, ווי טביה האָט זיי אַרויסגעלאָזן פון מויל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גלייכווערטלעך, אין מוסטערן, וואָס מען קאָן איבער׳חזר׳ן. אָבער מען קאָן שוין ניט איבערשטייגן.

דערמאָנען מיר זיך אָן טביה׳ס ערשטן אַרויסטריט, וועגן זיין ערשטער באַגעגעניש מיט שלום־עליכמ׳ען, ווען ער דערציילט אים זיין ערשטע „וואונדערלעכע מעשה, ווי אַזוי טביה דער מילכיגער, אַ איד אַן אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדער, איז פּלוצלינג, מיטאַמאָל באַגליקט געוואָרן דורך אַ משונה־ווילדן פאַל, וואָס איז כדאַי מען זאָל באַשרייבן אין אַ ביכל.״

הערט זיך נאָר איין אין דעם אַריינפיר, מיט וועלכן טביה הויבט אָן דערציילן וועגן זיך:

„אַז ס'איז באַשערט דאָס גרויסע געווינס, הערט איר, פאַניע שלום־עליכם, קומט דאָס גלייך אין שטוב אַריין. ווי זאָגט איר: למנצח על הגיתית, — אַז סע לויפט, גייט עס. ס'איז גאָר נישטאָ דערביי קיין שכל מיט קיין בריה'שאַפטן. און טאָמער, חלילה, פאַרקערט, מעגט איר צעזעצט ווערן רעדנדיג, וועט אייך העלפן, ווי דער פאַראַיאָריגער שניי. ווי זאָגט איר: אין חכמה ואין עצה נגד אַ שלעכט פערד. אַ מענטש האָרעוועט, ווערט אויסגעריסן, כאַטש נעם לייג זיך, שונאי ציון, און שטאַרב! פּלוצלינג, מע ווייסט ניט פון וואַנען, עס פערדלט פון אַלע זייטן. ווי אין פסוק שטייט געשריבן: רוח והצלחה יעמוד ליהודים. פאַרטייטשן באַדאַרף איך אייך ניט, נאָר דער פשט דערפון איז אַזוי: אַז אַ איד, כל זמן שהנשמה בקרבי, — עס שלאָגט נאָך אַן אָדער, טאָר ער ניט פאַרלירן זיין בטחון. איך האָב עס אַרויס־געזען פון זיך אַליין טאַקע, ווי אַזוי דער אויבערשטער האָט מיך געפירט, מיט מיין איצטיגער פרנסה״ . . .

שפּעטער גייט אָוועק די מעשה גופא, ווי טביה דער מילכיגער איז פּלוצלינג באַגליקט געוואָרן. די גאַנצע מעשה איז אַיבערגעשאָטן מיט שטייגער־אויסדרוקן, ווערטלעך, משלים און כאַראַקטעריסטישע, ספּעציעל טביה'שע פּסוקים און פאַרטייטשונגען. אָבער דער אַריינפיר באַשטייט אינגאַנצן פון אַזעלכע שטייגער־ווערטלעך, — וואָס פיל פון זיי זיינען אויף שטענדיג איינגעבירגערט געוואָרן אין דער שפּראַך און זיינען געוואָרן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויסגעשליפענע אויסדרוקן ערשט נאָכדעם, ווי זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך טביה'ס מויל.

:: :: ::

אַ ספּעציעלן פּלאַץ אין טביה'ס שפּראַך, וואו איר פּילט כסדר טרערן דורכן שפּאַס און אַ שמייכל, ווען עס איז אים שוין גאָר טרויעריג אויפן האַרצן, פאַרמעגן די פּסוקים. די דאָזיגע פּסוקים זיינען כאַראַקטעריסטישער־ווייזע גענומען ניט פון דער גמרא, צו וועלכער עס איז נויטיג למדנות, נאָר פון תהילים, פון דאַווענען און פון די מגילות, וועלכע זיינען אין טביה'ס צייטן געווען באַקאַנט יעדן פּראָסטן אידן. מיט די פּסוקים באַגייט זיך טביה שטענדיג אויף זיין אייגענעם, אמכאָ־דיגן אופן, — ער נעמט דעם „הייליגן פּסוק״, ציט אים אַראָפּ אויף דר'ערד און מאַכט אים פאַר אַ פּראָסטן חי־וקים. אָפט זעצט ער אים איבער אַזוי, אַז דער אידישער טייטש זאָל צוזאַמענקלינגען מיט די העברעאישע ווערטער. למשל: למנצח על הגיתית — אַז סע גייט לויפט עס. נאָך אָפטער ענדערט ער פּשוט די באַדייטונג פון

דעם הויכן פסוק און פּאַסט אים צו פּאַר זיינע טעגלעכע באַדערפעונישן:
מי ירום ומי ישפל, — מאַכט ער — ווער סע פאַרט און ווער סע גייט צופוס.
און ניט זעלטן, ווען ס׳פעלט אים אויס אַ פּאַרטיגער פסוק, מאַכט ער אים
אַליין: „איר ווייסט דאָך, זאָג איך (צום אומוויסנדיגן גביר פּדאַצור׳ן) — וואָס
דער תרגום אונקלוס זאָגט אויף לבן הארמי: „מזנבתא דחזירתא לא מכנטא
שטריימעלאתא״. וואו האָט טביה — אַ חוץ דעם ספּעציעלען אינהאַלט —
גענומען דעם דאָזיגן וואוילקלינגענדיגן פסוק? שטעלט זיך אויף אַ ווילע
פאַר דעם טאָן, מיט וועלכן ער האָט עס געזאָגט צו פדאַצור׳ן, וועט איר זיך
באַלד דערמאָנען: טביה האָט דאָ אימיטירט אַ שורה פון אקדמות, פון וועלכע
אים איז געוועזן גאָענט הויפּטזעכלעך דער קלאַנג.

:: :: ::

מאַלענדיג טביה׳ן האָט שלום־עליכם ניט געפונען פאַר נויטיג צו דער־
ציילן אונז, ווי ער זעט אויס, — אָבער דערפאַר האָט ער אים אַריינגעגעבן
אַ שפּראַך, דורך וועלכער מען דערקענט אים צווישן טויזנטער. ס׳איז גענוג
צו ברייגנען איינעם פון זיינע באַרימטע פסוקים און זיינע אַ פּאַרטיטשונג,
כדי יעדער איינער, וואָס האָט ווען עס איז געלייענט, אָדער געהערט אַפילו
איין קאַפּיטל פון טביה׳ן, זאָל זיך תיכף כאַפּן: דאָס איז דאָך טביה דער
מילכיגער!

טביה איז לויט זיין פאַך ניט קיין למדן, און זיינע פסוקים זיינען צו
זיין פאַך פון אַ מילך־הענדלער נויטיג ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. אָבער
שלום־עליכם האָט זיכער ניט געוואָלט וויזן טביה׳ן ווי אַן עם־הארץ און
ס׳איז ניטאָ די מינדסטע אָנדייטונג און מעגלעכקייט, אַז ער האָט געמיינט
אָפּלאַכן פון טביה׳ס „עם־הארצות״. פאַרקערט, ער ברייגגט אים אַרויס אַלס
אַ מענטשן, וואָס קוקט יאָ אַריין אין די „דריבניטשקע אותי׳עלעך״, און
ס׳רוב פון די מענטשן, מיט וועלכע שלום־עליכם פירט צונויף טביה׳ן זיינען
אַליין עם־הארצים אַנטקעגן דעם דאָזיגן האָרעפּאַשניק. איז צו וואָס־זשע
מאַכט אים שלום־עליכם צו האָרעווען די גאַנצע צייט אויף פסוקים?

טביה דער מילכיגער אַליין דערקלערט עס אין זיין „בריוו צום מחבר״,
מיט וועלכן עס עפנט זיך די גאַנצע זאַמלונג פון טביה׳ס געשיכטעס:

„. . . וואָס איז דאָ וואָס צו רעדן? אין אַ דאָרף, מ׳שטיינס געזאָגט,
מען ווערט פאַרגרעבט, ווער האָט צייט אַריינצוקוקן אין א ספר, צי אַפּ־
לערנען א פרשה חומש מיט רש״י, צי וואָס? אַ שטיקל גליק, עס קומט
דער זומער, פאָרן זיך צונויף די יעהופּעצער נגידים קיין בויבעריק אויף

דאַטשעס, קאָן מען זיך באַגעגעגען אַמאָל מיט אַן איידעלן מענטשן, האָרכן אַ גוט וואָרט.״

ווען מען נעמט אין אַכט, אַז טביה מאָלט דערנאָך אַלע יעהופּעצער נגידים, איינס אין איינס, ווי סאַמעראָדנע חזירים און וויסטע עם־הארצים, ווערט פאַרשטענדלעך, וואָס ער מיינט מיט די פּסוקים, וואָס ער, דער פּראָס־טער דאָרף־מענטש, האָט כלומרשט גענאַשט ביי די „איידעלע מענטשן״. ער לאַכט אויס די דאָזיגע באַלעבאַטישע „איידעלע״ מענטשן מיט זייער גאַנצער כלומרשטער לומדות, און שטרייכט אונטער די אומזיניקייט פון זייערע פאַרטיג־גענומענע, קאַנאָניזירטע הויכע און הייליגע פראַזן דורך דער פּשוט־קייט און שכל־הישר׳דיקייט פון זיינע טביה׳שע פאַרטייטשונגען.

טביה באַנוצט זיך מיט זיינע פּסוקים כדי אָפּצולאַכן פון די גבירים, פון די „איידעלע לייט״, וואָס זייער גאַנצע איידלקייט ליגט ביי זיי אין קע־שענע און וואָס ווייסן אין דער אמת׳ן ניט קיין שייטל עברי. דורך די פּסוקים האָט שלום־עליכם געוואָלט ווייזן, אַז דער ערלעכער, פּראָסטער האָרעפּאַשניק — טביה, איז אין דער אמת׳ן אַ מער איידעלער, אַ מער קול־טורעלער און אַ מער אַנטוויקלטער מענטש, ווי די גבירים, וועלכע שלום־עליכם אַליין האָט ליב געהאַט ווי ציינווייטאָג.

אָבער דאָס אַליין וואָלט ניט געווען גענוג צו דערקלערן די גרויסע ראָלע, וואָס דער „הייליגער״ פּסוק און זיין פּראָסטאַצקע פאַרטייטשונג שפּילן אין טביה׳ס שפּראַך. די באַגעגענישן מיט גבירים זיינען דאָך סוף כל סוף ניט דער הויפּט־עלעמענט אין טביה׳ס לעבן. דערפאַר קאָן דאָס אויסלאַכן די גבירים ניט זיין דער הויפּט־עלעמענט אין זיין שפּראַך. ס׳האָט געמוזט זיין אַן ערנסטערע אורזאַך פאַרוואָס שלום־עליכם האָט געפילט, אַז זיין האָרעפּאַשניק, טביה, מוז רעדן מיט פּסוקים און פאַרטייטשן זיי אויף זיין אופן. און די דאָזיגע אורזאַך, דאַכט זיך מיר, באַשטייט אין דעם, וואָס די אַלטע פּסוקים און נייע פאַרטייטשונגען זיינען געווען דער בעסטער און ניטירלעכסטער וועג אַרויסצוברענגען טביה׳ס פילאָסאָפיע, זיין „וועלט־באַציאונג״.

וואָרום טביה האָט אַן צווייפל זיין פילאָסאָפיע. דאָס לעבן שטעלט אים אַוועק פאַר וויכטיגע פּראָבלעמען: די פּראָבלעם פון פּעפערל, דעם רעוואָלוציאָנער; פון פדהצור דעם גביר; פון חוה׳ן, וואָס האָט זיך צוליב ליבע צו אַ קריסטלעכן בחור געשמד׳ט; פון די פּויערים, מיט וועלכע דער איד האָט אָפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן און איז זיי אין עצם פאַרבליבן פרעמד; די פּראָבלעם פון דעם אַלטן, טראַדיציאָנעלן גלויבן, וואָס פאַרענטפערט שוין

מער ניט די נויטן פון היינטיגן לעבן. טביה שטויסט זיך צונויף מיט די דאָזיגע פּראָבלעמען ניט ווי אַ זייטיגער מענטש, ניט ווי באַאָבאַכטער, נאָר ווי אַ דירעקטער נוגע בדבר, ער דאַרף זיי לעזן אויף זיין אייגענער הויט און ער לעזט זיי און גיט זיין ענטפער אויף זיי.

טביה האָט פיינט דעם גביר, דעם דאַרמאָיעדניק און זעט ניט אין קיין שום נוצלעכע זאַך אין אים. איין מאָל בלויז קריגט ער אַ שטיקל נוצן פון גבירים, ווען ער ברענגט זיי אַהיים זייער פאַרבלאָנדזשעטע באָבע און מאַמע, — איז דאָס אין זיינע אויגן אַזאַ מין נס, וואָס ער קאָן זיך איבער דעם גאָר ניט אָפּוואונדערן. אָבער פון זיינע מער דויערהאַפטע באַגעגענישן מיטן גביר׳ישן זונדל, אַראָנטשיק און מיטן גביר, פדהצור טראָגט ער אַרויס אַ זיכערקייט, אַז אַ גביר איז אַ חזיר און אַן אומגליק.

פון זיינע איידעמס איז אים אַממערסטן איינגעבאַקן אין האַרצן „פּע־פּערל״, דער רעוואָלוציאָנער, וואָס „זאָרגט וועגן אַ גאַנצער וועלט״. אויף דעם דאָזיגן פּעפּערל זעט ער ניט קיין שום חסרונות און פילט מיט סיי מיט אים, סיי מיט זיין אַרבעט. צוליב חוה׳ס שמד פאַרטראַכט זיך טביה איבער דעם אומזין פון נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערקייט און שנאה, און כאָטש ער איז ניט בכח פאַר זיך אַליין צו צעררייסן מיט אַלטע פאָראורטיילן, פאַראורטיילט ער זיי אָבער אין האַרצן, ווען ער נעמט זיך פאַנאַדערקלייבן אין זיי. ווען ער טרעפט זיך מיט די דאָרף־פּויערים, וואָס קומען צו אים מאַכן אַ פּאָגראָם, פילט ער צו זיי ניט קיין שנאה, נאָר א רחמנות ; ער ווערט ניט פאַרבלענדעט פון זיינע צרות און ווייסט, אַז די פּויערים זיינען אים אין דער אמת׳ן גאָר קיין שונאים ניט. און וואָס איז שייך גאָט, איז טביה מיט אים אין אַזעלכע באַציאונגען, אַז ער גיט זיך אָפּ אַ גאַנץ קלאָרן חשבון אין אַלע זיינע חסרונות. קיין פרומאַק איז טביה בשום אופן ניט.

מיט אַנדערע ווערטער : טביה, וועלכער ווייזט זיך ביי שלום־עליכמ׳ען צום ערשטן מאָל אין 1895, מיט צוויי יאָר פאַרן 1897, — די היסטאָרישע דאַטע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ אַנטשיידענדיגע באַדייטונג אין אידישן לעבן, ווען ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַר־בעטער־פּאַרטיי, דער בונד, די ציוניסטישע באַוועגונג, — דער דאָזיגער טביה איז אַ מענטש, וואָס שטייט שוין מיט איין פוס פעסט אין דער נייער עפּאָכע, אין דער עפּאָכע פון׳ם אויפשטייגנדיגן האַרעפּאַשניק. צו דער אַלטער עפּאָכע, אין וועלכער עס האָט נאָך געהערשט דער „איידעלער איד״, דער באַנק־קוועטשער, דער באַגריף, אַז „תורה איז די בעסטע סחורה״, בינדן אים אָבער נאָך צו טראַדיציעס, געוואוינהייטן, איינגעוואוינטע באַ־

גריפן, וועלכע זיינען געוואָרן זיין צווייטער כאַראַקטער און פון וועלכע ער קאָן ניט פּטור ווערן. וואָס־זשע טוט טביה? נעמט ער די אַלטע ווערטער און לייגט אין זיי אַריין, דורך זיינע פאַרטייטשונגען אַ נייעם אינהאַלט. ער גיסט אַריין נייעם ווייַן אין די אַלטע לאָגלען.

אין דעם פּרט איז טביה ניט קיין אויסנאַם. פאַרקערט: שלום־עליכם האָט דאָ אַרויסגעוויזן אַ זייער פיינעם חוש פאַר דער געשיכטלעכער וואָרהייט. וואָרום אַזוי האָט עס פּאַסירט ביי אַלע פעלקער, אַז ווען זיי זיינען אַריינגע־טראָטן אין אַ נייער עפּאָכע האָבן זיי עס געטאָן אין די איינגעוואוינטע טער־מינען פון דער אַלטער, אָפּשטאַרבנדיגער עפּאָכע. אָט אַזוי זיינען די פויערשע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע, צום אָנהויב פון די מאָדערנע צייטן, דורכגעגאַנגען אונטער לאָזונגען, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון דער ביבל; אָט אַזוי האָבן טשעכישע און רוסישע פויערים אין פאַרשיידענע צייטן געקעמפט אַנטקעגן זייערע הערשער אונטער פאַרשיידענע אַלטע רע־ליגיעזע סימבאָלן, וואָס האָבן אין זייערע אויגן אויסגעדריקט גאָר עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, וואָס די קירכן־פּאַטערס האָבן געמיינט; אָט אַזוי האָבן אַרבעטער אין פאַרשיידענע צייטן צוגעפּאַסט פאַר די באַדערפענישן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג באַקאַנטע לידער און נגונים, וואָס האָבן אָפט געשטאַמט פון אַנטי־רעוואָלוציאָנערע קוואַלן. און אָט אַזוי האָט טביה, — דער טיפּ פון דעם אויפוואַכנדיגן אידישן האָרעפּאַשניק, וואָס איז געצוואונגען צו נעמען אַ שטעלונג צו דער ארומיגער קאָמפּליצירטער וועלט, — אויס־געניצט די אַלטע איינגעוואוינטע פּסוקים, כדי אַריינצולייגן אין זיי אַ נייעם אינהאַלט און כדי אָפּצולייקענען די אַלטע הייליקייטן דורך דער נייער פילאָסאָפיע פון דעם אַרבעטנדיגן מענטשן.

לאָמיר דאָ ברענגען איניגע כאַראַקטעריסטישע ביישפּילן. טביה דער־ציילט שלום־עליכמ׳ען ביי זייער ערשטער באַגעגעניש, ווי שלעכט אים איז געווען, וואָס פאַר אַ שווערן אָרימען לעבן ער און זיין פערדל האָבן געפירט, ווען ער פלעגט פאַרדינען צוויי גילדן אַ טאָג „זאָל אייך צו קיין חרפּה ניט זיין״, פון שלעפּן קלעצער. באַמערקט ער דערביי, אַז ער האָט „אַ פערד אויף קעסט, וואָס וויל ניט ווּסן וואָס רש״י מאַכט, באַדאַרף קייען אַלע טאָג, גאָר אָן אַ שום תירוץ״. די נויטיקייט צו „קייען אַלע טאָג״ ווערט דאָ אַנטקעגנגעשטעלט „וואָס רש״י מאַכט״ אויף אַ זייער בולט׳ן און כאַראַק־טעריסטישן אופן. עס דאַרף הייסן: די דערקלערונגען און תירוצים, וואָס רש״י האָט אונז ביז איצט געגעבן, טויגן שוין איצט אויף כּפּרות.

אין דעם זעלביגן פּאַראַגראַף טרעפן מיר אַזאַ מין פּסוק: „עס קומט אויס — באַמערקט טביה — ווי מיר זאָגן אין „ונתנה תוקף": מי ירום ומי ישפּל, — ווער עס פאַרט און ווער סע גייט צופוס". איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער „הייליגער" ונתנה תוקף האָט, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט געמיינט צו ריידן וועגן צוויי קלאַסן אין דער געזעלשאַפט, וועגן די פאָרנדיקע און וועגן די גייענדיקע. דאָס איז שוין טביה'ס אייגענע אויסטייטשונג און אַריינטייטשונג.

טביה לויפט נאָך אין וואַלד זיין פערד און וואָגן, זאָגט דערביי אַ „שטייענדיקע" שמונה־עשרה און פאַרטייטשט זיך די הייליגע פּסוקים. שטויסט ער זיך אָן אויפן טרייסט־פּסוק, וואָס הייסט פאַרלאָזן זיך אויף גאָט און דאַנקען אים פאַר אַלץ: „מכלכל חיים בחסד ומקיים אמונתו לישני עפר". אָבער זעט ווי ער „פאַרטייטשט" עס: „דער דאָ טוט שפּייזן אַלע זיינע באַשעפענישן, אפילו די וואָס ליגן אין דר'ערד און באַקן בייגל. אוי, טראַכט איך מיר, ליגט מען אין דר'ערד! אוי, ווערט מען אויסגעריסן! ניט אַזוי ווי יענע, למשל, די יעהופּעצער נגידים, מיין איך . . . "

„ראה נא בענינו" פאַרטייטשט טביה: „זע ווי מיר האָרעווען" און דעם וואָרט „למלשינים" (די פאַרלוימדער) פאַרטייטשט טביה מיט „סטיקראַטן", גבירים, הייסט עס.

טביה דער מילכיגער, וואָס נעמט אָן די וועלט פאַר אַ פאַרטיגער „גאָט'ס ווערק", טראַכט געוויינלעך וועגן גאָט"ס דרכים. אַ פרומער איד טאָר וועגן אַזעלכע זאַכן בכלל צופיל ניט טראַכטן, — טביה אָבער פאַרפירט מיט גאָט אַ גאַנצע דיסקוסיע: „דו ביסט דאָך עפּעס אָן אל ארך אפים, אַ גרויסער גאָט און אַ גוטער גאָט, מיט חסד און מיט יושר. ווי קומט עס, דו זאָלסט אָוועקגעבן איינעם גאָר, דעם אַנדערן גאָרניט? איינעם פּוטער־בולקעס, דעם אַנדערן מכות בכורות. און צוריק אָבער באַטראַכט איך מיך: עט, ביסט אַ גרויסער נאַר, טביה, כ'לעבן, וואָס איז שייך דו ווילסט אים זאָגן אַ דעה ווי אַזוי צו פירן אַ וועלט? מסתמא, אַז ער הייסט אַזוי, באַ־דאַרף זיין אַזוי. אַ סימן האָט איר, אַז ווען עס וואָלט באַדאַרפט זיין אַנדערש, וואָלט דאָך געווען אַנדערש. אַי וואָס, פאַרוואָס זאָל טאַקע ניט זיין אַנדערש? איז דער תירוץ: עבדים היינו . . . "

טביה איז כלומרשט גרייט צו פאַרלאָזן זיך אויף גאָט און ניט צו פרעגן קיין קשיות. אָבער ער באַהאַלט גאָר ניט, אַז ער האָט שוין אַן

אייגענעם ענטפער און איז מיט גאָט׳ס סאָציאַלע דרכים גאָרניט מסכים.

אַזעלכע מאַטעריאַליסטישע, סאָציאַלע, אַנטי־טראַדיציאָנעלע פּאַרטיי־טשונגען וואָלט מען געקאָנט ברייגגען זייער אַ סך. אָט זיינען בלויז נאָך אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע פון זיי, וועלכע ס׳איז אַ שאָד דורכצולאָזן:

„איזה לחיים ואיזה למות״ — מאַכט רש״י: גאָט איז גאָט און בראַנפן איז בראַנפן.

„המבדיל בין קודש לחול״ — ווער עס האָט די קלינגערס, דעם איז וואויל.

„אָדם יסודו מעפר״ — מ׳איז דאָך ניט מער ווי א מענטש, גלוסט זיך אָנקוקן די וועלט.

„ריוח והצלה יעמוד ליהודים״ — זאָל גאָט העלפן, דער קרן זאָל כאַטש זיין גאַנץ.

„עולים ויורדים״ — אַז מע שמירט פאַרט מען.

אין די אַלע פסוקים און פאַרטייטשונגען זעען מיר כסדר איין טענדענץ: אַראָפּשלעפּן דעם פסוק פון הימל אויף דר׳ערד, אָפּזאָגן זיך פון רש״י׳ס פאַרהייליגטע תירוצים, אָנפילן דעם ענטפער מיט אַ רעאַלן, ערדישן, סאָציאַלן אינהאַלט.

אין דעם פּרט פון „אָנפילן די אַלטע לאָגלען מיט נייעם וויין״ להיפּוך אַלע אָנגענומענע כללים, איז שלום־עליכמ׳ס טביה ביז איצט פאַרבליבן אומאיבערטראָפן.

די זאַמלונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „גאַנץ טביה דער מילכיגער״ איז דורכגעדרונגען מיט אַ געגנערשאַפט און פאַראַכטונג צום גביר, צו זיין פילאָסאָפיע, צו זיין קלינגען מיט דער מטבע און בכלל צו דעם, וואָס ער האָט זיך צעלייגט אין לעבן, ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן:

„אוי — דערציילט טביה — טראַכט איך מיר, ליגט מען אין דר׳ערד! אוי ווערט מען אויסגעריסן! ניט אַזוי ווי יענע, למשל, די יעהופּעצער גבירים, מיין איך, וואָס זיצן אַ גאַנצן זומער אויף די דאַטשעס, עסן און טרינקען און באָדן זיך אין אַלדאָס גוטס. אוי, רבונו של עולם, פאַרוואָס קומט דאָס מיר? איך בין, דאַכט זיך, אַ איד גלייך מיט אַלע אידן. גוואַלד, גאָטעניו, ראה נא בעניינו, — זע, זאָג איך, באַטראַכט ווי מיר האָרעווען און נעם זיך אָן די קריוודע פון אָרימע לייט נעבעך, וואָרים ווער דען וועט זיך אויף זיי אָרומקוקן ווען ניט דו? רפאנו ונרפה, — שיק אונז צו די רפואה, די מכה האָבן מיר שוין אַליין . . . ״

דאָס איז די ערשטע פאָרם פון פּראָטעסט, אויסגעדריקט אין סקאַרבאָווע

באַגריפֿן. דער אויספֿיר פֿון פּראָטעסט וועט שפּעטער זיין פּעפּערל, דער רעוואָלוציאָנער, מיט וועלכן טביה׳ס טאָכטער, האָדל, פֿאָרט דערנאָך אַוועק אין פֿאַרשיקונג און מיט וועלכן טביה איז שטאָלצער, איידער מיט אַלע זיינע איידעמס.

טביה דער מילכיגער איז איינס פֿון די וויכטיגסטע קונסט־ווערק אין אונזער ליטעראַטור, — אַ ווערק פֿון אַ גרויסן סאָציאַלן פֿאַרנעם, און ס׳איז זיכער, אַז דער היינטיגער לייענער וועט עס אויפֿנעמען מיטן זעלבן ענ־טוזיאַזם און נאָך מיט אַ גרעסערער פֿאַרשטענדעניש, ווי ווען ס׳האָט זיך באַוויזן פֿון אונטער שלום־עליכמ׳ס פֿען צום ערשטן מאָל.



ש. מיכאָעלס — „טביה דער מילכיגער“

# כתרילעווקער גלייכהייט

פונקט ווי טביה דער מילכיגער און מנחם מענדל זיינען ביי שלום־עליכמ׳ען צוויי געגנזאַצן, — די געגנזאַצן צווישן דעם ערלעכן, דענקענדיגן האָרעפּאַשניק און דעם שווינדלערישן פאַרדולטן לופט־מענטש, — אַזוי שטייען ביי שלום־עליכם איינס געגן דעם אַנדערן כתרילעווקע און יעהופּעץ. כתרילעווקע איז ביי אים אָרעם, יעהופּעץ איז רייך; אין כתרילעווקע לעבן מענטשן, האָרעווען, מאַטערן זיך, קריגן זיך, העלפן זיך, זאָרגן וועגן טובת הכלל: אין יעהופּעץ לעבן גבירים אַ גוטן טאָג און האָבן די וועלט אין דער ערד. יעהופּעץ — די סביבה פון די ספּעקולאַנטן, גבירים, „סטיקראַטן", גראָבע יונגען האָט שלום־עליכם דעריבער פיינט און דערמאָנט זיי שטענדיג, ווי עפּעס אַ מין אַנשיקעניש. אין אַלע פאַלן במעט, ווען ער האָט צו טאָן מיט יעהופּעץ ברענגט ער אַרויס צרות און באַליידיגונגען. מיט כתרילעווקע איז אַנדערש. כתרילעווקע באַשטייט פון לעבעדיגע, טומלענדיגע, לאַכנדיגע און וויינענדיגע היימישע קבצנים. די אמת׳ע אידן און די אמת׳ע אידישע עפּנטלעכע מיינונג ווערן געשאַפן אין כתרילעווקע. אין כתרילעווקע פילט זיך דעריבער שלום־עליכם פולשטענדיג אין דער היים, ער לאַכט אינאיינעם מיט זיינע פאַרשוינען, ער ליידט מיט זיי און ער האָפט אינאיינעם מיט זיי.

אויסערלעך זיינען שלום־עליכמ׳ס מעשיות פון כתרילעווקע פעליעטאָנען, געשריבן צוליב פאַרשאַפן שפּאַס, צו טרייבן קאַטאָוועס. אין זייער ערשטער פאָרם זיינען כמעט אַלע זיינע באַשרייבונגען פון כתרילעווקע געווען פאַרבונדן מיט בערדיטשעוו. פון די זכרונות, וואָס שלום־עליכמ׳ס ברודער, וועלוול ראַבינאָוויטש, האָט אָפּגעדרוקט, דערוויסן מיר זיך, אַז שלום־עליכם פלעגט טאַקע זייער אָפּט ליב האָבן אַריינכאַפּן זיך אין בערדיטשעוו און שטודירן דאָס דאָרטיגע לעבן. אָבער זעלבסטפאַרשטענדלעך איז אים דערביי אָנגעגאַנגען ניט ספּעציעל בערדיטשעוו. בערדיטשעוו האָט ער אויסגעקליבן פאַר דעם הינטערגרונג פון זיינע מעשיות דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען אין זיין צייט אַ טיפּישע אידישע שטאָט — אפשר די סאַמע טיפּיש־אידישע שטאָט אין רוסלאַנד. ניט אומזיסט פלעגן אַנטיסעמיטן אין שפּאַס באַצייכענען די אידן אַלס „בערדיטשעווער פּריצים". בערדיטשעוו האָט געגעבן שלום־עליכמ׳ען דעם נויטיגן לאָקאַלן קאָליר און הינטער־

גרונט פאַר זיין קינסטלערישער איבערפורעמונג פון די „כתריליקעס". ווען ער האָט געדרוקט זיינע פעליעטאָנען אין די צייטונגען האָט ער זיי דעריבער באַטיטלט מיט די נעמען „בערדיטשעווער טראַמווייען", „בערדיטשעווער האָטעלן", „בערדיטשעווער רעסטאָראַנען", „בערדיטשעווער טעאַטער", א. אַז. וו. אָבער ווען ער האָט די סעריע פאַרענדיגט און האָט זי אַרויסגעגעבן אין אַ בוך־פאָרם איז פון בערדיטשעוו געוואָרן דאָס, וואָס עס האָט געדאַרפט זיין: כתרילעווקע, — די אַלטע כתרילעווקע און די נייע כתרילעווקע מיט זייערע וואויל־באַקאַנטע פאַרשוינען, אינסטיטוציעס און פּאַראַנדקעס.*)

פאַרוואָס האָט ער די זאַמלונג פון זיינע הומאָריסטישע דערציילונגען אָנגערופן „אַלט־ניי כתרילעווקע"? ערשטנס דערפאַר טאַקע, ווייל ער מאָלט דאָרטן סיי דאָס אַלטע כתרילעווקע, סיי דאָס נייע, — דאָס הייסט: סיי דעם אַלטן, איינגעשטעלטן, טראַדיציאָנעלן אידישן שטייגער, סיי דעם נייעם איבערגאַנג־שטייגער, וועלכן ער האָט געקענט אַזוי גוט.

אָבער דאָס איז ניט די איינציגע אורזאַך. אפשר אַ וויכטיגערע אורזאַך געפינען מיר אין דער ענלעכקייט פון שלום־עליכמ'ס נאָמען „אַלט־ניי כתרילעווקע" מיט דעם נאָמען פון טעאָדאָר הערצל'ס ציוניסטישן ראָמאַן „אַלט־ניילאַנד". שלום־עליכמ'ס אַלט־ניי כתרילוועקע איז געשריבן געוואָרן אין דעם פעריאָד צווישן 1901—1910. דאָס איז געווען דער בלי־פעריאָד פון ציוניזם אין רוסלאַנד, און די צייט ווען הערצל'ס ראָמאַן איז געווען גאַנץ פּאָפּולער צווישן דער ציוניסטיש־געשטימטער אידישער אינטעליגענץ. שלום־עליכם אַליין האָט געהאַט שטאַרקע סענטימענטאַלע סימפּאַטיעס מיטן ציוניזם. אָבער זיינע סימפּאַטיעס האָבן אים ניט געשטערט צו באַציען זיך קריטיש צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און צו אירע פּסיכאָלאָגישע באַגלייט־דערשיינונגען. מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, ווי שלום־עליכם האָט אַמאָל לויטן פאָרשלאַג פון די בערדיטשעווער ציוניסטן איינגעשטימט אָנצושרייבן אַ בראָשור וועגן ציוניזם, און האָט גאָר אָנגעשריבן אַ ראָמאַן, וואָס איז אין דער אמת'ן געווען אַ סאַטירע אויפן ציוניזם; און ווען ער האָט געגומען „אויסבעסערן" די אַרבעט, איז די סאַטירע נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן, אַזוי אַז דער ראָמאַן האָט שוין גאָרניט געקאָנט פאַרעפנטלעכט ווערן.

עס איז דעריבער זייער וואַרשיינלעך, אַז מיטן אויסקלייבן פאַר זיין

*) אַלט־ניי כתרילעווקע, — אַלע ווערק פון שלום־עליכם, 4טער באַנד, ספּעציעלע אויסגאַבע פון דער „מאָרגן־פרייהייט", ניו יאָרק, 1937.

זאַמלונג פעליעטאָנען דעם נאָמען „אַלט־ניי כתרילעווקע” האָט שלום־עליכם ווי געזאָגט: מיר טרוימען וועגן אַ אידישער מלוכה, וועגן אַן אַלט־ניילאַנד. אָבער די איינציגע אידישע מלוכה, וואָס מיר האָבן דערווייל איז אונזער אַלט־באַקאַנטע כתרילעווקע. איז אדרבא, זעט טאַקע ווי די דאָזיגע מלוכה אונזערע, מ׳שטיינס געזאָגט, אַלט־ניי כתרילעווקע, זעט אויס. דאָס האָט צוגעגעבן די אַלט־ניי כתרילעווקער בילדער דעם קאָמישן קאָליר.

אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ באַוואוסטזיניגער פּאַראָדיע זעען מיר שוין ביי זיין ערשטן אַריינפּאָר אין ניי־אַלט כתרילעווקע, אויפן „כתרי־לעווקער טראַמוויי” (געשריבן אין יאָר 1901). דער דאָזיגער כתרילעווקער, — אָדער ווי ער האָט פון אָנהויב געהייסן, דער בערדיטשעווער — טראַמוויי האָט אין זיין צייט פאַרשאַפט דעם אידישן לייענענדיגן עולם אַ סך פריילעכע מינוטן, און קאָן זיי נאָך איצט פאַרשאַפן. אָבער אין וואָס באַשטייט דער ערשטער שפּאַס, וואָס שלום־עליכם מאַכט מיט דעם דאָזיגן טראַמוויי? אין דעם, וואָס זיינע באַאַמטע, יוסל דער קאָנדוקטאָר, רב כתריאל דער טרייבער און וועלוול קאָנטראָליאָר, מענטשן, אַזוי צו זאָגן, מיט „קנעפּלעך”, זיינען אידן און ריידן זיך דורך אין אַ זייער אידישלעכן אידיש. אַ טראַמוויי איז אין צאַרישן רוסלאַנד געווען אַ שטאָטישע אונטערנעמונג, אַ מין „פּאָבליק יוטיליטי”, און קיין אידן זיינען אַהין צו דער אַרבעט ניט צוגעלאָזן געוואָרן — פּונקט ווי זיי ווערן, אגב, כמעט ניט צוגעלאָזן אויך איצט אויף די אונ־טערנעמונגען פון די „פּאָבליק יוטיליטיס” אין אַמעריקע. אַפילו אין אַמעריקע זיינען מיר שוין אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן, אַז קיין אידן אַרבעטן ניט אויף די באַנען, אַז ווען אַ קאָנדוקטאָר מיט אַ „טרעינמען” אין אַ באַן וואָלטן זיך פלוצלינג אין דער הויך צערעדט צווישן זיך אָדער מיט פּאַסאַ־זשירן אויף אידיש, וואָלט עס פון אומדערוואַרטקייט אַרויסגערופן ביי אונז אַ שמייכל. נאָך מער אומדערוואַרט וואָלט עס געווען אין דעם אַמאָליגן רוסלאַנד, אַז קאָנדוקטאָרן מיט קאָנטראָליאָרן זאָלן גאָר רעדן אידיש און זיך פירן גאַנץ אידישלעך. דאָרטן האָט עס געמוזט אַרויסרופן אַ געלעכטער איבער דער אוממעגלעכקייט פון דער זאַך.

אָבער אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז אונזער אַלט־ניי כתרילעווקע איז אַ אידישע „אַלט־ניילאַנד”, דעמאָלט איז שוין פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס שלום־עליכם פאָרט אַריין מיט אַ אידישן טראַמוויי, אַ אידישן קאָנדוקטאָר, אַ אידישן טרייבער און אַ אידישן קאָנטראָליאָר. אָט אַזוי, שפּאַסט ער, קאָן עס אויסזען ווען אידן זאָלן ווערן באַלעבאַטים פאַר זיך.

ס׳איז ניט נויטיג איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון די געשפּרעכן

צווישן יוסל דעם קאָנדוקטאָר, רב כתריאל דעם טרייבער, וועלוול קאָנ־טראָליאָר מיט זייערע פאַרשוינענן. כדי אָפּצושאַצן ווי געהעריג דעם שפּריצנדיגן הומאָר פון זייערע געשפּרעכן מוז מען זיי אַליין לייענען. איך וויל דאָ אונטערשטרייכן איין ספּעציעלן מאָמענט אין די געשפּרעכן, וואָס כאַראַקטעריזירן זייערע געגנזייטיגע באַציאונגען. דער דאָזיגער שטריך באַשטייט פון דער גלייכהייט פון אַלע כתרילעווקער. קיין איינער פון זיי קוקט ניט אויפן צווייטן פון אויבן אַראָפּ, אָדער פון אונטן אַרויף, קיין איינער פון זיי רעכנט ניט, אַז ס׳איז זיין פליכט אונטערצוגעבן זיך דעם צווייטן און אַז דער צווייטער האָט גאָר אַ רעכט אַזוינס צו פאָדערן.

— גיב נאָר אַהער אַביסל טיטון, דו, יוסל! — מאַכט צו אים (צום קאָנ־דוקטאָר) דער קוטשער, וואָס מיט דער בייטש און מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע.

— איר זענט ניט קראַנק צו רויכערן קאַרענציס, רב כתריאל! — האַקט אים איבער יוסל דער קאָנדוקטאָר.

— מאַך ניט קיין אָנשטעלן, דו סמאַרק איינער, און גיב אַהער אַ ציגאַר טיטון, — זאָגט צו אים כתריאל דער קוטשער.

און דער קאָנדוקטאָר מיטן קוטשער פאַרדרייען צו פּאַפּיראָסן. (אַלט־ניי כתרילעווקע, ז. 67.)

שפּעטער — אַ געשפּרעך צווישן קאָנדוקטאָר מיט אַ פּאַסאַזשיר:

— . . . שוין דאָס דריטע מאָל היינטיגע וואָך, ווי איר פאָרט אָן אַ בילעט! — זאָגט צו אים יוסל קאָנדוקטאָר מיט פאַרדראָס.

— נו, בכן, זאָל איך גיין צופּוס? צי זאָל איך גיין ערגעץ גנב׳ענען פון דיינטוועגן? — ענטפערט אים דער איד מיטן טולעפּל, אויך מיט פאַרדראָס.

אַ אידענע, ביי וועלכער דער קאָנדוקטאָר בעט אַ בילעט, מאַכט אויף אים גאַנצע גוואַלדן:

— ער האָט זיך אָנגעהאַנגען אַ מעשן קנעפּל און קאָמאַנדעוועט! איך געדענק דאָך נאָך, אַז דו ביסט געווען אַ באַהעלפער, — היינט וואָס דער־ציילסטו מעשיות „בילעט־שמילעט“? (ז. 70).

צוויי וואַגאָנען פאָרן אַריין איינער צום אַנדערן מיט די דישלעס און מען דאַרף זיי פאַנאַנדערפאָרן. קריגן זיך די שמייסערס:

— וואו זיינען דיינע אויגן, דו ממזר, זעסט איך פאָר רעכטס, נעמט מען זיך לינקס.

— וואו שטייט עס געשריבן, דו פאַרך איינער, אַז דו באַדאַרפסט פאָרן

רעכטס און איך לינקס? טאָמער איז גאָר איבערגעקערט דער פּעלץ אויף דער אַנדער זייט: איך רעכטס, און דו לינקס? (ז. 17).

דער דאָזיגער מאָטיוו: איך בין גלייך צו דיר און דו ביסט אין קיין שום פּרט ניט בעסער פון מיר, — גייט דורך ווי אַ רויטע ליניע דורך דעם גאַנצן לעבן פון די כתרילעווקער. ס'איז די גלייכקייט פון אָרעמקייט. אָט אַזוי פילן זיי, אַזוי זיינען זיי. קאַמיש ווערט עס נאָר, ווען זיי פּרואוון פּראַקטיצירן די דאָזיגע גלייכהייט אין אַ געזעלשאַפט, וואו אַלץ שרייט גוואַלדן וועגן דער אומגלייכהייט. ריכטיגער: ניט קאָמיש, נאָר טראַגיקאָמיש. און שלום-עליכם ווייזט עס קלאָר ווען ער פירט צונויף זיינע פּשוט'ע, נאַאיווע כתרילעווקער פאַרשוינען מיט די גבירים פון יעהופּעץ, מיט דעם „גרעסטן לייב צווישן די חיות".

אַ צווייטער מאָמענט, וועלכן שלום-עליכם שטרייכט אונטער ביי זיינע כתרילעווקער פאַרשוינען איז זייער אָרעמקייט. אַפילו זייערע גבירים זיינען, לויט זיין שילדערונג, אויך אָרימע לייט. „בנימין לאַסטעטשקע — דערציילט ער אין „אַ פּסח'דיגער עקספּראָפּריאַציע" — איז דער גרעסטער נגיד אין כתרילעווקע. אויסרעכענען זיין גרויסקייט האָט ניט קיין שיעור. ערשטנס, האָט ער מחותנים רייכע אויף דער גאַנצער וועלט. די מחותנים זיינען שוין איצט ניט אַזוי רייך, ווי זיי זיינען געווען אַמאָל . . . פונדעסטוועגן, זעט איר דאָך, אַז גאָט וויל איז דאָ אין כתרילעווקע אַ איד, אַ נגיד, וואָס אַלע זיינען אים מקנא, וואָס ער דאַרף ניט אָנקומען צו קיינעם, אויסער צו זיינע רייכע מחותנים. מאָלט אייך, אָנקומען צו אַ רייכן מחותן איז עפּעס אויך ניט אַזאַ זיס שטיקל ברויט, וואָרים דאָס רוב רייכע מחותנים זיינען בטבע, ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין, גרויסע חזירים . . . פונדעסטוועגן איז בנימין לאַסטעטשקע פאָרט דער נגיד אין כתרילעווקע . . . " (ז. 145).

קאָנט איר זיך שוין דערפון פאָרשטעלן ווי עס זעט אויס אַן אָרימאַן אין כתרילעווקע. די גלייכהייט גופא צווישן די כתרילעווקער נעמט זיך פון זייער אָרימקייט, און זייער אָרימקייט נעמט זיך דערפון, וואָס זיי האָבן נעבעך אַבסאָלוט גאָרניט וואָס צו טאָן אין כתרילעווקע, אויסער זיצן איינער ביים אַנדערן אויפן קאַרק.

זייער כאַראַקטעריסטיש, ממש קלאַסיש אין דעם פּרט איז שלום-עליכמ'ס געשיכטע וועגן אַ „גרינגן תענית". די גרינגע תענתים האָט געהאַט „חיים חייקין, אַ קליין אָרעם אידל פון קליינעם אָרימען כתרילעווקע. חיים חייקין האָט באַוויזן, אַז מען קאָן פאַסטן מער ווי פערציג טעג . . . " (ז. 167). ער פלעגט בסדר פאַסטן, ווייל ער האָט ניט געהאַט פונוואַנען צו לעבן. דערפאַר

טאַקע האָט ער געמאַכט פון די תעניתים אַ טוגנד און האָט זיי פאַרוואַנדלט אין מצוות פאַר יענער וועלט. דעריבער איז אים יעדער תענית געווען אַזוי „גרינג“, אַז ער האָט אַזש געטרוימט צו פאַסטן תשעה באב צוויי טעג. דער סוף זיינער איז געווען אַ טרויעריגער: דער שמש האָט אים געפונען אין שול אַ טויטן פון הונגער, — אָבער שלום־עליכם באַווייזט עס צו דער־ציילן מיט אַ שמייכל, מיט אַ געלעכטערל, — וואָרום אויב מיר וועלן וויינען וועט אונז דען בעסער ווערן?

אָט דער שמייכל איז איינער פון די ווערטפולסטע שטריכן ביי שלום־עליכמ׳ען. ס׳איז אַן אָפּטימיסטישער שמייכל, אַ שמייכל פון בשום־אופן ניט אונטערגעבן זיך קיין שום צרה און אָנשיקעניש. אָט דער שטריך זיינער האָט אים געמאַכט באַזונדערס נאָענט און ליב דעם אידישן לייענער, וואָס איז ס׳רוב אַן אָרימאַן, אַן אַרבעטער, אַ האָרעפּאַשניק, — אַזוי נאָענט און ליב, אַז וואָס ווייטער ווערט ער אונז אַלץ מער איינגעבאַקן אין האַרצן, אַלץ מער אונזערער, אַלץ מער דעם שלום־עליכם פון דעם אַרבעטנדיגן פאָלק.



י. זשאַבאָטינסקי — „מנחם־מענדל“

# מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס און זיין אַמעריקאַנער יחוס

מען דערציילט, אַז ווען שלום־עליכם איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע אין אָקטאָבער, 1906, און מ׳האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן אַמעריקאַנער עולם, האָט מען אים געקרוינט מיטן נאָמען פון איינעם פון די דעמאָלט פּאָפּולערסטע אַמעריקאַנער שרייבער: דער אידישער מאַרק טוועין.

יעדער פאַרגלייך מוז ערגעץ הינקען און עס איז קיין צווייפל ניט, אַז צווישן שלום־עליכמ׳ען און מאַרק טוועינ׳ען איז דער מהלך ווי פון דניעפּער ביז מיסיסיפּי. מאַרק טוועין איז אויסגעוואקסן אינגאַנצן אונטער אַנדערע באַדינגונגען, ווי שלום־עליכם. ער האָט געהאַט צו טאָן אינגאַנצן מיט אַן אַנדער עלעמענט און מיט אַנדערע שטימונגען פון זיינע העלדן. אין זיין געלעכטער זיינען ניטאָ די טרערן הינטער אַ שמייכל, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום־עליכמ׳ען. אויב פאַרגלייכן שלום־עליכמ׳ען האָט מען אים מיט מער רעכט געקאָנט פאַרגלייכן מיטן רוסישן אַנטאָן טשעכאָוו, מיט וועלכן שלום־עליכם ווייזט אָפטמאָל אַרויס אַ מערקווירדיגע ענלעכקייט אין שטימונגען, מעטאָד פון שרייבן און צוגאַנג צו זיינע העלדן.

אָבער פונדעסטוועגן, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער פאַרגלייך פון שלום־עליכמ׳ען מיט מאַרק טוועינ׳ען (אויפן גרונט פון דעם, וואָס ביידע האָבן זיי זיך באַנוצט מיט הומאָריסטישן זשאַנר פון שרייבן), איז געווען זייער אַן אויבערפלעכלעכער, איז אָבער אין געוויסע פּרטים די ענלעכקייט צווישן זיי געווען אַ גאַנץ היפּשע. די דאָזיגע ענלעכקייט זייערע איז באַשטאַנען אין זייער ביידנס קונדעסעריי, אין זייער אינגלשקייט, פון וועלכע זיי האָבן זיך ניט באַפרייט און, וואַרשיינלעך, אויך ניט געוואָלט באַפרייען זייער גאַנצן לעבן. זייער אינגלשקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זיינען ווי קונדסים, וואָס פילן זיך פּשוט געפּעניגט פון דעם אַנגענומענעם שטייגער — שטענדיג גרייט געווען צו טאָן פונקט קאַפּויר „ווי גוטע פרומע לייט הייסן צו גוטן טאָן" און אַרויסשטעלן דער סביבה אַ לאַנגן רויטן צונג. סיי ביי מאַרק טוועינ׳ען, סיי ביי שלום־עליכמ׳ען טוען זייערע פאַרשוינען זייער אָפט פונקט דעם היפּוך פון דעם, וואָס מען פאַרלאַנגט פון זיי, זיי טוען עס לאַגיש אַנטקעגן דער אַרומיגער אומלאָגישקייט, זיי

ווייזן אָן מיטן פינגער, אַז „דער קעניג איז דאָך גאָר נאַקעט". אָט דאָס איז דער הויפּט־שטריך, וואָס מאַכט דעם הומאָר פון זייערע ווערק פאַר אַזאַ נאַטילעכן.

מאַרק טוועינ׳ס געלעכטער, אָפּטימיזם, הומאָר, האָבן ליטעראַריש אויסגעדריקט די שטימונגען פון אַ פאָלק, ווען עס גייט אין אַ געוויסער צייט גוט און אַלץ בעסער, וואָס גייט כסדר באַרג אַרויף, האָט אַ קנאַפּע זאָרג פאַרן מאָרגנדיגן טאָג און קאָן דערביי טרייבן שפּאַס איבער זיינע נעכטיגע צרות און אומבאַקוועמלעכקייטן. מאַרק טוועינ׳ס פאַרשוינען האָבן דעריבער (ווי אין טאָם סאָיער, האָקלבערי פין, קאָנעקטיקוט יענקי אין קינג אַרטור׳ס הויף, דער פרינץ און דער בעטלער) געקאָנט וואַרפן אַן אַרויסרוף דער אַרומיגער וועלט און פּרואוון זי איבערקנעטן אויף זייער שטייגער, פּונקט ווי קיינער וואָלט זיך זיי ניט געקאָנט שטעלן אין וועג.

דער קוואַל פון שלום־עליכמ׳ס געלעכטער איז גאָר אַן אַנדערער. זיינע העלדן זיינען ניט נאָר אָרעמעלייט, קינדער פון אַן אָרימען, אונטער־דריקטן פאָלק, וואָס שטויסט זיך אָן אויף שטערונגען אויף יעדן טריט און שרייט. זיינע העלדן כאַפּן אויך גאַנץ רעאַלע קלעפּ וואו נאָר זיי גייען און וואו נאָר זיי שטייען. עס איז זיי בפירוש שלעכט, אָדער אומבאַקוועם און זיי ווייסן אַפילו ניט פאַרוואָס דאָס קומט זיי. די איינציגע מעלה מיט די דאָזיגע פאַרשוינען איז, וואָס זיי קומען ניט אום און קאַראַבקען זיך אַריבער סוף כל סוף איבער יעדער שטערונג. דאָס גיט זיי די מעגלעכקייט אומ־צוקוקן זיך אויף זייערע צרות, פילן זיך העכער פון זיי און האָפן, אַז זיי וועלן ניט באַזיגט ווערן אויך פון קומענדיגע שטערונגען. דאָס שאַפט ביי זיי אַ באַשטימטן אָפּטימיזם (דער באַרימטער „אידישער בטחון"), דאָס שאַפט ביי זיי אַ פאַרלאַנג אויסצולאַכן זיך, כדי דורך דעם וויניגער צו פילן די צרות. אָט אַזוי רעדט מען איין אַ קינד עס זאָל לאַכן, ווען עס גיט זיך אַ קלאַפּ אַ פינגער אָדער ווען עס צעקלאַפּט זיך פון אַ פאַל אויף דר׳ערד. אָט אַזוי האָט שלום־עליכם איינגערעדט זיינע העלדן זיי זאָלן לאַכן אַפילו ווען זיי האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט וויינען, וואָרום „לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן" — זייערע פּאַציענטן . . .

דאָס איז דער אונטערשייד צווישן מאַרק טוועינ׳ס זאָרגלאָזן, שאַלנדיגן געלעכטער און צווישן שלום־עליכמ׳ס געלעכטער, וואָס האָט געדאַרפט פאַר־דעקן און גובר זיין די זאָרג.

און אין קיינע פון זייערע ווערק זעט זיך ניט אַרויס אָט דער אונטער־שייד אין דעם כאַראַקטער פון זייער געלעכטער און פון זייערע קונדס׳ערייען,

ווי אין מאַרק טוועינ׳ס „טאָם סאָיער״ און „האָקעלבערי פין״, און אין שלום־עליכמ׳ס „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס״ ערשטן טייל „פון דער היים קיין אַמעריקע״, און צווייטן טייל „אין אַמעריקע״.

ביידע ווערק, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אין זיי ווערט דערציילט וועגן דעם לעבן פון אינגלעך פון דעם שטאַנדפּונקט פון די דאָזיגע אינגלעך, זיינען אמת׳ע נאַציאָנאַלע עפּאָפּייען, — קאַלאָסאַלע בילדער־גאַלערייעס, וואָס מאָלן דאָס לעבן פון אַ גאַנץ פאָלק אין זיינע פאַרשיידענע שיכטן אין אַ באַשטימטן איבערגאַנג־פּעריאָד, ווען דאָס פאָלק איז „אויף די פיס״. מאַרק טוועינ׳ס „טאָם סאָיער״ מאָלט דאָס לעבן פון דעם אַמעריקאַנער קליין־שטעטל אין דעם פּעריאָד פאַר דער באַפרייאונג פון די נעגערס, ווען די אַלטע אָנגענומענע באַלעבאַטישע מאָראַל און באַציאונגען האָבן זיך שוין געהאַלטן אין ברעכן. שלום־עליכמ׳ס „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס״ האָט צו טאָן מיט דעם פּעריאָד פון אידישן לעבן, אין די לעצטע פּאָר צענדליג יאָר פאַר דער וועלט־מלחמה, ווען דאָס אַלטע אידישע שטעטל, מיט זיין אָנגענומענעם שטייגער האָט גענומען צוזאַמענברעכן און אַ פאָלק האָט זיך אויפגעהויבן אויף די פיס און גענומען שפּאַנען וואו די אויגן טראָגן, דערהויפּט קיין אַמעריקע.

„טאָם סאָיער״ איז געשריבן געוואָרן אין 1875, אין אַ צענדליג יאָר אַרום נאָך דעם אַמעריקאַנישן בירגער־קריג, ווען די שקלאַפערייַ איז אָפּגעשאַפט געוואָרן און ווען אַמעריקע איז נאָך דעם קורצן שווערן פּעריאָד פון רעקאָנסטרוקציע אַוועק אויפן וועג פון אומגעהערטער טעכנישער אַנטוויקלונג, מאַטעריעלן וואוילטאָג און אינערלעכער און אויסערלעכער זיכערקייט. דאָס פאָלק האָט זיך געפילט גוט, און אָט די האָפערדיקייט, דרייסטקייט און זאָרגלאָזיקייט האָט מאַרק טוועין אויסגעצייכנט אויסגעדריקט אין „טאָם סאָיער׳ן״, דעם אינגל, וואָס האָט מיט זיך טיפּיזירט דאָס יונגע, קרעפטיגע, זאָרגלאָזע אַמעריקאַנער פאָלק, וועלכן ס׳גייט גוט אויף יעדן טריט און שריט. די וואָס האָבן געלייענט מאַרק טוועינ׳ס „טאָם סאָיער״ און זיין פאָרזעצונג „האָקעלבערי פין״, וועלן זיך דערמאָנען: טאָם סאָיער מיט זיין חבר האָקעלבערי פין פאַרקריכן אָפט אין זייער ענגע ווינקלען און עס הויבט אָן אויסזען, אַז באַלד וועלן זיי זיין אויף די ריכטיגע צרות. אָבער שטענדיג לאָזט זיך עס אויס ניט נאָר גוט, נאָר נאָך בעסער, ווי זיי האָבן געקאָנט טרוימען: אַלע זייערע פּלענער געלינגען נאָך בעסער ווי געפּלאַנעוועט, זיי געפינען גאַנצע אוצרות און ס׳איז זיי גוט ווי די וועלט, — אַזוי גוט, אַז זיי שעמען זיך אַזש דערמיט אַביסל. איז פאַרוואָס זאָלן זיי

טאַקע ניט לאַכן און ניט שפּאַסן, און אָנשטעקן דעם לייענער מיט זייערע שטימונגען?

אַנדערש איז עס מיט „מאָטל פּייסי דעם חזנ'ס". ער פאַרזיכערט אויך ביי אַ סך געלעגנהייטן, אַז אים איז גוט. נאָר וואָס איז די גוטסקייט מיט אים? „מיר איז גוט — טענה'ט ער, — ווייל איך בין א יתום . . . " דאָס גאַנץ לעבן זיינס איז אַזוי שווער, אַזוי אָרעם, יעדע זאַך קומט אים אָן מיט אַזוי פיל ענוים, שווערִיקייטן, באַליידיגונגען, אַז דאָס וואָס זיין טאַטע, פּייסי דער חזן שטאַרבט און ער, מאָטל, ווערט א יתום, ווערלכן ס'איז אַ רחמנות צו שלאָגן, איז שוין פאַר אים אויך אַ גרויסער געווינס:

„דיין גליק וואָס דו ביזט אַ יתום! — זאָגט צו מיר לייבקע דער וואַסערפירער (ביי וועלכן מאָטל האָט אַרויסגענומען דעם צאַפּן פון פאַס, אַזוי אַז דאָס וואַסער איז אויסגעלאָפן), — אַניט וואָלט איך דיר איבער־געבראָכן אַ האַנט מיט אַ פוס. מעגסט מיר גלויבן אויף נאמנות.

„איך גלויב אים אויף נאמנות. איך ווייס, אַז איצט וועט ער מיך ניט אָנרירן, ווייל איך בין אַ יתום. מיר איז גוט. איך בין אַ יתום . . . " *)

מאָטל פּייסי דעם חזנ'ס איז אַזוי אָרעם, ווי עס קאָן נאָר זיין אָרעם אַ יתום פון אַן אָרעמאַן אין אַן אָרעם אידיש שטעטל אין דער אַמאָליגער אוקראַינע. זיין טאַטע, דער חזן, איז געשטאָרבן, ווייל ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו ראַטעווען אים. די מאַמע, די אלמנה, האָט איין־איינציגן פאַרגעניגן: וויינען, ווייל „ווי קאָן איך לאַכן, ווען מיין מאַן ליגט אין דר'ערד? „דער ברודער, אליהו, איז אַן אָרעמאַן, אַ קבצן אין זיבן פאָלעס און אַ היפּשער שלים־מזל. דער חבר פּיני, דער קורצזיכטיגער אינטעליגענט, איז פון דעם זעלביגן סאָרט פאַרשווינען. די איינציגע זאַך, וואָס מאָטל פאַרמאָגט איז . . . יחוס, ווייל ער איז אַ חזנ'ס אַ יתום. אָבער דער יחוס קאָסט אים טייער, ווייל די מאַמע איז פעסט אַנטשלאָסן, אַז ער זאָל בעסער הונגערן איידער גיין לערנען זיך עפּעס אַ מלאכה. „אירע שונאים, זאָגט זי, וועלן דאָס ניט דערלעבן, אַז פּייסי דעם חזנ'ס זון זאָל זיין אַ בעל־מלאכה".

איז דאָך אים, הייסט עס, שלעכט פון אַלע זייטן? ניין, דוקא ניט אַזוי שלעכט. וואָרום ער האָט זיך זיינע פאַרגעניגנס. ער האָט אַ גאַנצן הויף קלעצער, — ניט זיינע קלעצער, נאָר יאָסי דעם גביר'ס, — אָבער עס מאַכט

---

*) „מאָטל פּייסי דעם חזנ'ס", ערשטער טייל: „פון דער היים קיין אַמע־ריקע". באַנד 12 פון דער ספּעציעלער „מאָרגן־פרייהייט" אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון שלום־עליכם. ניו יאָרק, 1937. 292 זייטן.

ניט אויס, ער שטעלט זיך פאָר, אַז זיי זיינען זיינע, און אַז ער האָט פון זיי אויסגעבויט אַ גאַנצן פּאַלאַץ. ער האָט אַ קעלבל, מעני, — ניט זיין קעלבל, נאָר דער שכנה׳ס — אָבער וואָס איז די נפקא מינה? ער האָט סייווי ליב דאָס קעלבל און שפּילט זיך מיט דעם, ביז מען פאַרקויפט עס צום קצב. ער האָט אַ גאָרטן פול מיט פּרוכט און בלומען, — טאַקע ניט זיין גאָרטן, נאָר מנשה׳כע דער רופא׳טעס, וואָס גיט קיינמאָל קיינעם גאָר ניט צו פאַרזוכן פון אים, — אָבער נישקשה: ער האָט פון דעם גאָרטן אפשר נאָך אַ גרעסערן פאַרגעניגן, ווי מנשה׳כע, ווען ער קוקט אויף אים געהיים אַראָפּ פון אַ דאַך. און די הויפּט־זאַך: קיין טאַטן האָט ער טאַקע ניט, אָבער דערפאַר איז ער אַ יתום אויף וועלכן אַלע האָבן רחמנות און וועלכן מ׳איז דערפאַר מוחל אַ סך פון זיינע זייער אומשולדיגע קונדס׳ערייען.

מיט איין וואָרט: מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס איז אַ אידיש אינגל, אַ קינד פון די אָרעמע אידישע מאַסן, אַ מענטש, וואָס ווייסט פון אמת׳ע צרות, אמת׳ער נויט און אמת׳ן הונגער פון דער פריער קינדהייט אָן. ווען ער רעדט, רעדט ער אייגנטלעך די שפּראַך פון דערוואַקסענע פאַרזאָרגטע אידן, — נאָר אין מויל פון דעם קליינעם פאַרשייטן אינגל באַקומען די ווערטער אַ הומאָריסטישן בייקלאַנג. ווען ער מוז זיך בויגן בויגט ער זיך אַזוי, אַז דער הערבל זאָל אַרויסקומען פּונקט ווי ביי אַלטע, מרה־שחורה׳דיגע אידן, — און ווייל מען זעט, אַז ער מאַכט זיי בלויז נאָך, קומט עס אויס קאָמיש און רופט אַרויס אַ געלעכטער. מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס גאַנץ לעבן איז אַ לעבן, וואָס שפּיגלט מיט זיך אָפּ די ביטערע עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידישע מאַסן, זייערע קליינע האָפענונגען און גרויסע אַנטוישונגען, זייערע פאַרוואַנדלונגען און וואַנדלונגען. אין עצם איז דאָ ניטאָ פון וואָס צו לאַכן.

אָבער „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס" איז געשאַפן געוואָר אין דעם פּעריאָד צווישן די יאָרן 1907 און 1916, אין דעם פּעריאָד צווישן איין רעוואָלוציע (פון יאָר 1905) און דער צווייטער (פון יאָר 1917). די לאַגע פון די אידישע מאַסן אין יענע יאָרן איז געווען אַ ביטערע. אָבער זי איז ניט געווען קיין האָפנונגלאָזע. די רעוואָלוציע פון יאָר 1905 האָט איבערגעלאָזן די זוימען פאַרן יאָר 1917 און די שטימונג פון ערב גרויסע ענדערונגען האָט זיך די גאַנצע צייט געפילט אין דער לופטן. די אידישע מאַסן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוגעבן דעם יאוש און האָפנונגלאָזיקייט. זיי האָבן געהאָפט, זיי האָבן געזוכט אַן אויסוועג, זיי האָבן זיך אויסגעלערנט צו באַטראַכטן די שווערסטע שטערונגען, אויף וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַלס

צייטווייליגע שטערונגען, וועלכע מען וועט איבערקומען. די אידישע מאַסן זיינען אין עצם געווען אָפּטימיסטיש, און אַט דער אָפּטימיזם פון די מאַסן, וואָס שמייכלען אַוועק זייערע צרות האָט שלום־עליכם וואונדערלעך אויסגעדריקט אין דעם שמייכלענדיגן אינגל־טיפּ, אין „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס“.

⁂ ⁂ ⁂

„מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס“ פאַרנעמט אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט אין שלום־עליכמ׳ס ליטעראַרישער ירושה. שלום־עליכם האָט זייער ליב געהאַט קינדער, — סיי אין ליטעראַטור, סיי אין לעבן. אים איז דערפאַר געווען גרינג אַליין זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ קינד און אויפריכטיג איבערלעבן יעדן קינדישן איינפאַל. שלום־עליכם האָט ליב געהאַט קונדייסים, — אין ליטעראַטור און אין לעבן. ער איז אַליין געווען דער ערשטער אין זיין אייגענער גאַלערייע קונדייסים. גענוג צו לייענען זיינע דערינערונגען וועגן אידישע שרייבער, וועגן מענדעלע׳ן, ביאַליק׳ן, פרישמאַנ׳ען און אַנדערע*), צו דערזען, אַז צווישן די אַלע שרייבער שפּילט ער גערן די ראָלע פון דעם קונדעס, און קלייבט פון זיי אַממערסטן נחת, ווען ער קאָן זיי פּאַקן ביי אַ וועלכן עס איז קונדעס־איינפאַל.

אין „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס“ האָט שלום־עליכם אויסגעקליבן אַ קינד, וועלכן ס׳איז „גוט“, ווייל ער איז אַ יתום, אָבער וועלכער איז אין דער זעלביגער צייט אַ קונדעס פון קונדעס־לאַנד, און האָט אים געמאַכט פאַר אַ העלד פון צווי גרויסע בענדער דערציילונגען, „כתבים פון אַ אינגל, אַ יתום“, וואָס זיינען ענג פאַרבונדן צווישן זיך.**). דורך די אויגן פון אַט דעם „העלד“ גייט דורך דאָס גאַנצע לעבן פון אַ באַשטימטן אידישן געזעלשאַפטלעכן שיכט — פון דעם אָרעמען קליינבירגערטום.

אָבער דאָס איז ניט די איינציגע זאַך, וואָס צייכנט אויס „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס“. אַ צווייטער וויכטיגער מאָמענט איז, וואָס די גאַנצע צווייטע העלפט פון דעם ווערק שפּילט זיך אָפּ אין אַמעריקע. שלום־עליכמ׳ען, ווי די אַנדערע קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור, איז מען געוואוינט צו באַטראַכטן הויפּטזעכלעך אַלס מאָלער פון דעם אַמאָליגן אידישן לעבן

*) זע „אידישע שרייבער“, באַנד 12, פון שלום־עליכמ׳ס געזאַמלטע ווערק, ספּעציעלע אויסגאַבע פון דער „מאָרגן־פרייהייט“.

**) „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס“, — ערשטער טייל: „פון דער היים קיין אַמעריקע“, 292 זייטן. צווייטער טייל: „אין אַמעריקע“, 228 זייטן. געזאַמלטע ווערק פון שלום־עליכמ׳ען, 13טער און 14טער בענד. ספּעציעלע אויסגאַבע פון דער „מאָרגן־פרייהייט“.

אין דער „אַלטער היים״. אויף דעם גרונט איז אַפּילו פאַרשפּריט אַ מין פּוסטע „טעאָריע״, אַז אַזוי ווי די קלאַסיקער האָבן באַשריבן דאָס אַמאָליגע לעבן אין דער אַלטער היים, פון וועלכער מיר רייסן זיך אַפּ אַלץ מער און מער, ווערן דעריבער זייערע ווערק פאַרעלטערט און ניט־פאַרשטענדלעך פאַר דעם נייעם לייענער, ספּעציעל אין אַמעריקע. די דאָזיגע „טעאָריע״ איז דורכאויס פאַלש. אויב זי וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט דאָך עס געמיינט, אַז וואָס גרעסער דער שרייבער, אַלץ קלענער זיין באַדייטונג פאַרן היינטיגן לייענער, ווייל דער קלאַסיקער צייכנט זיך דאָך אויס גראָד דערמיט, וואָס ער גיט אין אַ קינסטלעריש־פאַרענדיגטער פאָרם זיין עפּאָכע און זיין סביבה. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלטן שעקספּיר און געטע, סערוואַנטעס און היינע, פּושקין און טאָלסטאָי איצט געדאַרפט באַטראַכט ווערן פאַר ניט מער ווי אַ פּעקל אַלטע, אומנויטיגע און אומפאַרשטענדלעכע שמות (שיימעס).

ספּעציעל פאַלש וואָלט עס געווען צו זאָגן וועגן שלום־עליכמ׳ען, ווייל ער האָט אונז, אין דעם צווייטן באַנד „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס״ איבערגע־לאָזן אַ גאַנץ ווערק וועגן אַמעריקע, וועגן אַמעריקאַנער אידישע אימיגראַנטן, וועגן גרינע און געלע, וועגן באַסעס און אַרבעטער, וועגן „ביזנעסלייט״ און די פאַרשיידענע מינים אידישע ביזנעס. דערביי האָט ער באַוויזן אויך די קולטורעלע און פּאָליטישע ענדערונג, וואָס קומט פאָר מיט די אימיגראַנטן, איידער זיי פאַרלאָזן זייערע אַלטע היימען, ווען זיי זיינען „מיט איין פוס אין אַמעריקע״, און נאָכדעם ווי זיי הויבן זיך שוין אָן איינלעבן אין אַמעריקע.

דעם ערשטן באַנד פון „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס״: „כתבים פון אַ אינגל אַ יתום״ האָט שלום־עליכם אָנגעהויבן שרייבן אין יאָר 1907, אין דער צייט ווען ער איז געזעסן אין אויסלאַנד, עטלעכע יאָר אַפּגעריסן פון דער אַלטער, באַליידיגטער און צעטראָטענער היים, און דערפאַר אפשר נאָך מער פאַר־בענקט נאָך איר. דעם גרעסטן טייל פון יאָר 1907 האָט שלום־עליכם פאַרבראַכט אין אַמעריקע, — ער איז פון איר אַוועק צוריק קיין אייראָפּע ערשט סוף זומער 1907 און האָט זיך באַזעצט אין דער שווייץ, וואו ס׳האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויך מענדעלע מוכר ספרים, ביאַליק, בן־עמי און אַ ריי אַנדערע אידישע שרייבער. איז עס וואַרשיינלעך, אַז שלום־עליכם האָט ניט נאָר פאַרטראַכט נאָר אויך אָנגעהויבן שרייבן זיין „מאָטל״ נאָך זייענדיג אין אַמעריקע. אפשר האָט אָט דער פאַקט געמאַכט אַז מאָטל זאָל אין זיך האָבן אַ סך שטריכן פון אַן אַמעריקאַנער אידישן אינגל. אין מאָטל׳ס אויסגעגלייכטקייט און אומדערשראָקנקייט, אין זיין קוקן מיט אַ שמייכל אויף

די עלטערע, אין זיין שטענדיגער גרייטקייט אָפּצוטאָן עפּעס אַ שטיקל, ניט רעכענענדיג זיך מיט קיין שום פאָלגן, פילט זיך אָפט מער דער אַמעריקאַנער, ווי דער אַמאָליגער „היימישער" פאַרשלאָגענער, פרומער, פאַרזאָרגטער און צו־פרי אַלט־געוואָרענער אינגל. אויב דאָס איז ריכטיג, דאַן ווערט פאַר־שטענדלעך פאַרוואָס גראָד מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס איז געוואָרן ביי שלום־עליכמ׳ען דער אויסטייטשער פון אַמעריקע פאַר זיינע לייענער: ס׳איז אַ סברה, אַז מאָטל׳ס געבורטשיין איז אַן אַמעריקאַנישע.

ס׳איז נויטיג באַזונדערס צו באַטאָנען דעם דאָזיגן מאָמענט דערפאַר, ווייל „מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס" איז איינס פון די ווערק, ניט נאָר פון שלום־עליכמ׳ען, נאָר פון אַ וועלכן עס איז פון אונזערע שרייבער, וואָס קאָן אַמבעסטן פאַרשטאַנען ווערן פון אונזער אידישער יוגנט. איך ווייס ניט צי דאָס ווערק איז ווען עס איז אין פול איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש. אויב ניט — מוז עס איבערגעזעצט ווערן גראָד אין דעם איצטיגן מאָמענט, ווען די אַמעריקאַנישע אידישע יוגנט פילט זיך שטאַרקער ווי ווען עס איז פריער, פאַרבונדן מיט דעם שיקזאַל פון די אידישע מאַסן אויף דער און אויף דער אַנדער זייט ים.

אָבער קאָלאָסאַל וויכטיג איז „מאָטל" פאַר דער אונטערוואַקסנדיגער אידיש־לייענענדיגער יוגנט. דאָס איז אַ ווערק, וואָס יעדעס אידיש־לייענענ־דיג קינד קאָן מיט דער גרעסטער לייכטקייט באַנעמען און איינזאַפּן ביזן לעצטן טראָפּן. דאָ דאַרף דער לייענער ניט דורכמאַכן די שווערקייט פון אַריבערטראָגן זיך אין אַן „אומפאַרשטענדלעכער" סביבה, וואָס רעדט אין אַ האַלב־פאַרשטענדלעכער שפּראַך. מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס „קאָן אויך אַ ביסל ענגליש", און, ווי געזאָגט, קוקט ער אויף דער וועלט כמעט מיט די אויגן פון אַן אַמעריקאַנער קינד. די אַלע פאַרשוינען, צווישן וועלכע מאָטל באַוועגט זיך, רעדן אויף אַ שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך פאַר מאָטלען, דאָס הייסט פאַר יעדן קינד, — און אויך פאַר יעדן אידיש־אַמעריקאַנישן קינד.

גראָד דערפאַר, ווייל אַלע געשעענישן ווערן איבערגעגעבן ניט אין זייער אומעטיגער שווערקייט, נאָר אַזוי ווי עס זעט זיי אַ אינגל אַ קונדס, באַקומט דער יונגער לייענער די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך אויף אַן אַנציִענדיגן אופן מיטן גאַנצן שטייגער פון דעם אַמאָליגן קליין־שטעטל, פון דער עמי־גראַציע אין וועג, פון די „גרינע" אימיגראַנטן אין אַמעריקע. נאָכמער: מאָטל איז ניט נאָר אַ באַאָבאַכטער פון געשעענישן. ער באַטייליגט זיך אַקטיוו אין דעם לעבן, וועגן וועלכן ער דערציילט אַזוי חנ׳עוודיג און

שמייכלענדיג. ער זאָגט אַרויס מיינונגען וועגן מענטשן, פּאַסירונגען און באַציאונגען. ער אורטיילט און ער פאַראורטיילט אַ סך פון די אַנגענומענע זאַכן. געגנוג צו דערמאָנען זיין באַציאונג צו מנשה׳כע דער רופא׳טע, צו יאָסי דעם גביר, צו יונה דעם בעקער, די צופרידנקייט מיט וועלכער ער דערציילט וועגן זייערע מפּלות, וועגן אַ סטרייק ביי יונה׳ן, א. אַ. וו. מאָטל קאָן נאָך ניט באַגרייפן דעם באַזיס פון די געשעענישן און פון דעם שטייגער, פון וועלכן ער איז אַ טייל. אָבער זיין האַרץ איז אין ריכטיגן פּלאַץ, און זיין קריטישע באַציאונג שטעקט אַן ניט נאָר דעם יונגן לייענער, נאָר יעדן לייענער.

:: :: ::

ווען שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן שאַפן זיין מאָטלען, האָט ער אים באַזאָרגט מיט אַ גאַנצער גרויסער „באַלעבאַטישקייט״: אַ מאַמע, — אַ גוטע נשמה, וואָס ווייגט ביי יעדער געלעגנהייט; אַ ברודער אליהו, דעם יונגן באַלעבעסל, וואָס שלעפּט אויף זיך דעם יאָך פון דערוואַקסנקייט; „אונזער חבר פּיני״, וואָס האָט זיך אויסגעטראַכט אַן אַמעריקע, נאָך איידער ער איז אַהין געקומען; און אַ גאַנצער פּאַק שכנים, מחותנים, באַקאַנטע און גלאַט אידן מיט אידענעס מיט זייערע קינדער. שלום־עליכם שטעלט אונז פאַר מאָטלען אין אַן איבערבראָך־מאָמענט: דער טאַטע שטאַרבט, די שטוב הויבט אָן צעפאַלן, די לאַגע איז שווער און דער עולם הויבט אָן צו טראַכטן וועגן פאָרן קיין אַמעריקע. און ס׳איז געגנוג איינער זאָל זיך אַ ריר טאָן, אַז די גאַנצע סביבה זאָל זיך נעמען רירן נאָך אים, ווי אַרבעס פון אַ לעכערדיגן זאַק, און זיך לאָזן אין וועג.

איז דערביי וויכטיג צו באַמערקן: ווען מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס קומט קיין אַמעריקע, טרעפט ער שוין אויפן אָרט, אָדער עס קומען באַלד אָן פון „יענער זייט ים״ אַלע זיינע היימישע פּאַרשוינען, אַלע קרובים, מחותנים, שכנים, חברים און אַפילו שונאים. אַלע, עס זאָל פעלן כאָטש איינער! און אַלע הויבן אָן אַריינלעבן און אַריינפּאַסן זיך אין די נייע אַמעריקאַנישע באַדינגונגען, און גייען דורך אונטער מאָטל׳ס אַלץ־זעענדיגע אויגן און אָפּשאַצונגען, פּונקט ווי פריער אין דער אַלטער היים.

דאָס ווייזט, אַז די אַלע פּאַרשוינען זיינען ביי שלום־עליכמ׳ען ניט געווען די צופעליגע סביבה, פון וועלכער מאָטל רייסט זיך אַרויס, ווען ער פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע, — נאָר אַז דאָס איז די גרונט־סביבה, וואָס שלום־עליכם האָט זיך אונטערגענומען צו מאָלן פון מאָטל׳ס „שטאַנדפּונקט״, און

דערביי האָט ער זי באַוואוסטזיניג געוואָלט ווייזן אין אירע צוויי געשטאַלטן, אין דער „היימישער" און אין דער אַמעריקאַנישער. מיר הויבן אָן בעסער פאַרשטיין די סביבה און די מענטשן, ווען מיר פאַרגלייכן, וואָס זיי זיינען געווען און וואָס פון זיי איז געוואָרן אין זייערע גלגולים.

נאָך איין מאָמענט איז נויטיג אָנצואווייזן אין שלום־עליכמ׳ס אַרבעט איבער מאָטלען. דאָס איז די מערקווירדיגע בילדערישקייט און שאַרפקייט פון דעם געמעל. ס׳רוב מיידט שלום־עליכם אויס צו געבן אונז די „אָסאָביע פרימעטי" (ספעציעלע סימנים) פון זיינע פאַרשוינען. צו וואָס דאַרף ער זיי מאָלן, ווען זיי רעדן פאַר זיך אַליין ? אָבער אין „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס" כאַפּט זיך מאָטל אַלע ווײַלע אַרויס מיט אַ באַמערקונג: ווען איך האָב אַ בלייפעדער מיט פּאַפּיר, וואָלט איך זיי פינקטלעך אָפּגעמאָלט. און אַזוי ווי ער האָט ניט קיין בלייער, גיט ער אונז יעדעס מאָל אַ ווערטער־בילד פון זייער אויסזען, וואָס איבערראַשט ממש מיט דער פינקטלעכקייט און שאַרפ־קייט, וואָס ווערט דערגרייכט בלויז דורך אַ פּאָר שטריכן.

„מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס" איז ניט פאַרענדיגט געוואָרן. דעם צווייטן טייל האָט שלום־עליכם אָנגעהויבן שרייבן אין יאָר 1916, מיט אַ קורצער צייט פאַר זיין טויט. דעם לעצטן פאַרבליבענעם און ניט־פאַרענדיגטן קאַ־פּיטל, אונטערן נאָמען „מיר מופן", וואו ער רעדט וועגן עפּעס אַן „אומבאַ־קאַנטן קאָסטימער", וואָס קומט און נעמט און פרעגט ניט קיין קשיות — האָט ער געשריבן שוין אויפן טויטן־בעט, מיט אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט. דער „אומבאַקאַנטער קאָסטימער" האָט זיך אַריינגעמישט און האָט איבערגעריסן די אַרבעט אין סאַמע מיטן . . .

אָבער אפילו אין זיין ניט פאַרענדיגטער פאָרם איז „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס" אַ קלאַסיש ווערק, אַ פּערל, וואָס פאַרדינט אַן אָרט אין דער וועלט־ליטעראַטור. ס׳איז די שענסטע מתנה, וואָס שלום־עליכם האָט איבערגעלאָזט דעם אידישן קינד, און ספּעציעל דעם אַמעריקאַנער אידישן קינד. און מיר דאַכט זיך, אַז די בעסטע זאַך, וואָס מיר קאָנען טאָן, איז צו ברייגגען די דאָזיגע מתנה דירעקט אין די הענט פון אונזערע קינדער, לערנען זיי לייענען זי, פאַרשטיין זי, ליב האָבן און דורך דעם פאַרשטיין און ליב באַקומען דעם אָפּטימיזם, וואָס „מאָטל" האָט פאַרקערפּערט אין אונזער לעבן.

# דאָס מעסערל און זיין אָרט אין שלום־עליכמ׳ס שאַפן

דעם 25טן דעצעמבער, 1937, איז לכבוד דעם יערלעכן יום־טוב פון די אידישע אַרבעטער־קינדער שולן ביים אָרדן אין קאַרנעגי האָל געשטעלט געוואָרן שלום־עליכמ׳ס „מעסערל״ אין משה שיפּריס׳עס דראַמאַטיזאַציע. די דאָזיגע דראַמאַטיזאַציע האָט באַוויזן וואָס פאַר אַ גרויסן, ניט־אויסגעשעפּטן אוצר אונזער בינע האָט אין שלום־עליכמ׳ס ירושה. באַזונדערס וויכטיג איז אָבער די דאָזיגע פאָרשטעלונג דערפאַר, ווייל זי ווייזט וויפל מיר קאָנען נעמען פון שלום־עליכמ׳ען פאַר דעם נאָך דורכאויס גרינעם פעלד פון דעם אידישן קינדער־טעאַטער, — פאַר דעם קינדער־טעאַטער, וואָס זאָל אין איין און דער זעלביגער צייט סיי פאַראינטערעסירן אונזערע קינדער מיט זיין קינדע־רישער דירעקטקייט און אויפריכטיקייט, און סיי אַריינפירן זיי אין קרייז פון אונזער ליטעראַטור און לעבן.

ווי ס׳רוב שלום־עליכמ׳ס ווערק, איז „דאָס מעסערל״ לכתחילה ניט געשריבן געוואָרן אין אַ דראַמאַטישער פאָרם און איז ניט באַשטימט גע־וואָרן פאַר דער סצענע. אָבער „דאָס מעסערל״ איז פול מיט דראַמאַטישקייט, מיט אינערלעכע און אויסערלעכע קאָנפליקטן; די האַנדלונג פון דער גע־שיכטע ווערט ניט גלאַט דערציילט, נאָר זי שפּילט זיך אָפּ, — און דאָס איז איינע פון די אורזאַכן, פאַרוואָס „דאָס מעסערל״, ווי ס׳רוב אַנדערע ווערק שלום־עליכמ׳ס בעט זיך ממש אַדאַפּטירט צו ווערן פאַר דער בינע.

יעדער איינער, וואָס האָט געלייענט שלום־עליכמ׳ען ווייסט זיכער דעם אינהאַלט פון „מעסערל״. דאָס איז אַ זייער רירענד און געטריי בילד פון לעבן פון דעם אידישן קינד אין דעם אַמאָליגן אידישן שטעטל, — און אפשר ניט נאָר אין דעם אַמאָליגן. ס׳איז אַ געשיכטע וועגן אַ קינד, וואָס זיין נאַטירלעכער פאַרלאַנג צו שפּילן זיך און צו האָבן זיין אייגן וועלטל ווערט כסדר אונטערדריקט פון די עלטערע, — און וואָס שאַפט זיך דעריבער מיט אַן אמת׳ער „מסירת נפש״ אַ באַזונדער וועלטל אַרום . . . אַ מעסערל. זיין טרוים איז צו האָבן אַן אייגן מעסערל, — ניט חלילה צוליב איינער פון די הונדערט באַדערפענישן, צוליב וועלכע אַ מעסערל ווערט נאַטירלעך

באַנוצט, נאָר בלויז כדי צו שפּילן זיך דערמיט, — און שפּילן זיך גראָד מיט אַ מעסערל אפשר דערפֿאַר טאַקע, ווייל דער טאַטע זיינער האָט געוואָרפֿן אַזאַ אומ׳חן ספּעציעל אויף אַ מעסערל.

„צו קיין זאַך אויף דער וועלט, — דערציילט דער „העלד״ פֿון שלום־עליכמ׳ס געשיכטע, — האָב איך אַזוי קיין חשק ניט געהאַט ווי צו אַ מעסערל, קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי ניט געגאַרט, ווי צו האָבן אַ מעסערל, אַן אייגן מעסערל. דאָס מעסערל זאָל זיך ליגן אין קעשענע, און ווען איך וויל זאָל איך דאָס מיר אַרויסנעמען, און וואָס איך וויל זאָל דאָס מיר שניידן, — און לאָזן מיינע חברים וויסן!״

אין שטרעבן צו באַזיצן אַ מעסערל גייט ער דורך אַ גאַנצע „האַרצ־רייסנדיגע״ דראַמע. צום ערשטן מאַכט דאָס אינגל זיך אַליין איין מעסערל נאָך אַ צווייטן, — נעמט מען עס ביי אים צו; דערנאָך קויפֿט ער אַ מעסערל, „טאַקע אויף דעם רעכטן אמת, אַ מעסערל, אַ הילצערן קלעצל, אַ קיילעכיגס, אַ בייכיגס, פֿאַכאַזשע אויף אַ פּעסל, מיט אַ האַרבאַטן קלינגל, וואָס האָט זיך אי געפּנט, אי פֿאַרמאַכט״. אָבער ניט לאַנג האָט געדויערט זיין נחת פֿון דעם מעסערל, — האָט עס ביי אים דער טאַטע צוגענומען און פֿאַרוואָרפֿן. דער סוף איז, אַז ער דערגייט ביז „גנבה״: ער גנב׳עט אַ מעסערל און זיין פֿרייד פֿון דעם דאַזיגן מעסערל איז טאָפּלט גרויס, ווייל ס׳איז פֿאַרבונדן מיט דער כסדר׳דיגער געפֿאַר געכאַפּט צו ווערן. אַרום דעם דאַזיגן מע־סערל שפּילן זיך זיינע ערשטע איבערלעבונגען פֿון ברעכן געזעצן און אויספֿירן, פֿון ראָמאַנטיק, פֿון געוויסנביסן, שיר ניט פֿון פֿאַרליבטקייט. און דער סוף איז, אַז ער קומט שיר ניט אום צוליב דעם מעסערל, ווען ער דערזעט, ווי ברוטאַל זיין מלמד באַשטראָפֿט אויף דער וועלט און פֿאַר־סטראַשעט מיט יענער וועלט אַ קינד, וואָס האָט ווי ער באַגאַנגען אַ קליין עברה׳לע פֿון נעמען אַליין וואָס מען טאָר ניט.

ווי כמעט אַלע דראַמאַטיש־אָנגעזאַפּטע זאַכן שלום־עליכמ׳ס ענדיגט זיך די געשיכטע מיטן „מעסערל״ האַלב־טרויעריג, האַלב־פֿריילעך, אָן אַ טראַ־געדיע יעדנפֿאַלס, — כאָטש אַלץ האָט געפֿירט דערצו זי זאָל זיך ענדיגן טראַגיש, ווייל מיר האָבן דאָך דאָ באמת אַ שאַרפֿן צוזאַמענשטויס צווישן אַ הילפֿלאָזן, געטראָטענעם און באַליידיגטן מענטשן (דעם קליינעם חדר־אינגל) מיט די אָנ׳רחמנות׳דיגע „אייזערנע״ געזעצן פֿון דער אַרומיגער סביבה. אויב די געשיכטע ענדיגט זיך ביי אַ שלום־עליכמ׳ען אָן אַ טראַגעדיע, איז עס געוווען הויפּטזעכלעך דערפֿאַר, ווייל שלום־עליכם האָט ניט פֿון קיין

צושטויסן זיך. ער ווייס, אַז אָדער די געזעצן וועלן צערונען ווערן, אָדער די פּאַרשוינען וועלן זיך אַביסל איינבויגן און זיך אויסגלייכן דערנאָך, ווען דער קלאַפּ וועט פאַריבער.

אָבער ס׳איז געווען נאָך אַן אורזאַך, אַ מער דירעקטע, פאַרוואָס שלום־עליכם האָט ניט געקאָנט דערלאָזן, אַז די געשיכטע מיטן „מעסערל״ זאָל זיך ענדיגן טראַגיש. די אורזאַך איז, וואָס די מעשה איז גענומען געוואָרן פון זיין אייגענעם לעבן.

„הערט, אידישע קינדער, — הויבט ער אָן „דאָס מעסערל״, — איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה מיט אַ מעסערל, — ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, נאָר טאַקע אַן אמת׳ע, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט מיר אַליין טאַקע״.

דער דאָזיגער פערזענלעכער אַריינפיר, דאָס דערציילן אַ געשיכטע, ספּעציעל נאָך פאַר קינדער, אין דער ערשטער פּערזאָן, איז אַן אַלטער אָנגענומענער ליטעראַרישער מיטל צו ווערן אינטים מיטן לייענער. שלום־עליכם האָט אין זיינע ווערק מער אפשר ווי וועלכער אַנדער שרייבער באַנוצט די דערצייל־פאָרם פון דער ערשטער פּערזאָן. אָבער דאָס מאָל האָט ער טאַקע געזאָגט דעם ריינעם אמת, די מעשה מיטן מעסערל האָט טאַקע מיט אים אַליין געטראָפן אין זיינע קינדער־יאָרן.

„איך געדענק נאָך, — שרייבט שלום־עליכם אין זיין אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ, וואָס ער האָט אין יאָר 1903 צוגעשיקט צו זיין אינטימסטן פריינט, י. ח. ראַווניצקי׳ן, — איך געדענק נאָך אַציַנד דעם זיסן טעם פון טרערן, וואָס מיר האָבן פאַרגאָסן פון דעם רבינ׳ס מוסר. אַלע טאָג פלעגט אונז דער רבי זרח זאָגן אַביסל מוסר און מיר פלעגן זיך נאָכדעם, ביים דאַווענען, שלאָגן אשמנו אויף אונזערע גרויסע זינד, וואָרום אינאיינעם מיט פרומקייט זיינען מיר געווען אויך גרויסע, גרויסע בעלי עבירות: ליגנערס, נאַשערס, ניט געפּאָלגט דעם טאַטן, געהיפּט אינ׳ם דאַווענען, גע׳גנב׳עט געלט פון דער צדקה־פושקע (זע „דאָס מעסערל״), היינט הרהורים, מחשבות זרות, גע־דאַנקען!... *)

דער רבי האָט געשטראָפט די קינדער, געקאַטעוועט זיי און געזאָגט מוסר. „דעם רבינ׳ס מוסר — דערציילט שלום־עליכם אין „פונ׳ם יאַריד״ (ערשטער באַנד, ז. 178) — דאָס איז געווען אַ רייכע פאַנטאַזיע פון „טויזנט איין נאַכט״. פונ׳ם רבינ׳ס מוסר האָט מען זיך געזען מיט „יענער וועלט״,

*) „פונ׳ם יאַריד״, ז. 274, באַנד 16 אין שלום־עליכמ׳ס געזאַמלטע שריפטן, אויסגאַבע פון דער „מאָרגן־פרייהייט״.

טראַגעדיעס און ער איז גאָר ניט זיכער אין דער פעסטקייט פון די „אייזערנע" אויסערלעכע קרעפטן, מיט וועלכע זיינע פאַרשוינען קומט אויס צוזאַמענ־געפילט דעם טעם פון חבוט הקבר . . . נאָר קוים איז דער רבי אויפגעשטאַנען פון טיש און די קינדער נאָך אים, אַזוי איז פאַרגעסן געוואָרן דער גאַנצער מוסר: די יענע וועלט מיטן גיהנום מיט אַלע מלאכי חבלה זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן, ווי אַ שטן, וואָס גייט איבער, ווי אַ חלום וואָס פליט אַוועק, און חברה האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע זינד און צו זייערע שילד. ווער מיר נעגל־וואַסער, וואָס מיר דאַוונען, — אַז אינדרויסן שיינט די זון און די שאַטנס דראַפּן זיך אויף די ווענט, ווינקען צו אייך, רופן אייך: אינדרויסן אַרויס, אינגעלע, אינדרויסן! דאָרט איז גוט און וואויל!"

אַט די קינדערשע שפּילעוודיקייט זיינע, אַט דעם אָפּטימיזם און די זוניקייט, וואָס צעטרייבט אַלע מוסר־שאַטנס מיט אַלע איינגערעדטע מלאכי־חבלה, האָט שלום־עליכם צום ערשטן מאָל אין דעם בעסטן שלום־עליכם סטיל פאַרקערפּערט אין איינעם פון זיינע ערשטע ווערק, אין דער דערציילונג „דאָס מעסערל", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1886. די דאָזיגע דערציילונג האָט געשפּילט אַן אַנטשיידנדיגע ראָלע אין זיין ווייטערדיגער ליטעראַרישער אַרבעט. אַט וואָס שלום־עליכם אַליין דערציילט וועגן דעם אין זיין פריער־דערמאָנטער אויטאָביאָגראַפישער נאָטיץ, וואָס ער האָט צוגעשיקט ראַווניצקי׳ן:

„געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַריין, אין קיעוו, וועגן פאַרשיידענע גרויסע עסקים (שלום־עליכם איז דעמאָלט געווען אַ רייכער בערזע־סוחר, — מ. כ.) און אָנגעמידט זיך פונ׳ם טאָג האָב איך מיר געלייגט שלאָפן און האָב ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. בין איך אויפגעשטאַנען, זיך געזעצט צום שרייבטיש און אָנגעשריבן — ניט אָנגעשריבן, נאָר אויסגעגאָסן אַ זאַך, אַ דערינערונג פון מיינע חדר־יאָרן, און האָב דאָס אַ נאָמען געגעבן „דאָס מעסערל", און האָב עס אַוועקגעשיקט אין רעדאַקציע, — און פאַרגעסן.

„ויהי היום, איך לייען אין „וואָסכאָד" (אַ אידישער זשורנאַל אין דער רוסישער שפּראַך, — מ. כ.), טרעף איך אַן איבערבליק איבער ליטעראַטור פון „קריטיקוס" (ש. דובנאָוו) — איבער פאַרשיידענע שמאַטעס, ובתוכם מיין „מעסערל". מיט אַ שרעקלעך האַרצקלאַפּעניש האָב איך איבערגעלייענט די עטלעכע וואַרעמע שורות פון „קריטיקוס", וואָס לויבט „דאָס מעסערל" מיינס און זאָגט נביאות, אַז דער יונגער מחבר פון „מעסערל" ווייזט אויס אַ טאַלאַנט צו זיין און אַז ער וועט נאָך אַמאָל געבן גוטע זאַכן פאַר אונזער אָרעמער אידישער זשאַרגאָן־ליטעראַטור.

„מיט טרערן פֿון פֿרייד און דאַנקבאַרקייט האָב איך איבערגעלייענט נאָכאַמאָל די דאָזיגע ווערטער פֿונ׳ם ליבהאַרציגן קריטיקוס און האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט איך זאָל שרייבן אין דעם אַרט נאָך און נאָך . . . ״

ווי מיר זעען איז „דאָס מעסערל״ אין אַ געוויסן זינען געווען אַ קער־פּונקט און אַ פּראָוו־שטיין אין שלום־עליכמ׳ס שאַפֿן, — אַ ווערק, אין וועלכן ער האָט צום ערשטן מאָל געפֿונען זײַן אייגענעם שלום־עליכם וועג. עס ווילט זיך ווינטשן, אַז די דראַמאַטיזאַציע פֿון „דאָס מעסערל״, פּונקט ווי די דראַמאַטיזאַציע פֿון שלום־עליכמ׳ס צענדליגער אַנדערע זאַכן פֿון קינדער־לעבן, זאָל דינען ווי אַ פּראָוו־שטיין און ווי אַ גרונט־שטיין פֿאַר דער שאַפֿונג פֿון אַ אידישן קינדער־טעאַטער. ס׳איז שוין די העכסטע צייט דערצו.

# די דראַמאַטישע אַרבעטן

שלום־עליכמ׳ס דראַמאַטישע אַרבעטן פאַרנעמען אין דער אויסגאַבע פון דער „מאָרגן־פרייהייט" צוויי בענדער. דער ערשטער פון די בענדער, „דראַמאַטישע שריפטן", אַנטהאַלט שלום־עליכמ׳ס באַקאַנטסטע דראַמאַטישע זאַכן און האַלט 256 זייטן. אין דעם באַנד גייען אַריין: דער גט, צעזייט און צעשפּרייט, אַ דאָקטאָר, מענטשן און דאָס גרויסע געווינס. דער צווייטער באַנד האַלט 303 זייטן, און באַשטייט פון אַ גאַנצן צענדליג שלום־עליכמ׳ס קאָמעדיעס: די אסיפה, יקנה״ז, מזל טוב, פאַרביטן די יוצרות, אַגענטן, קעניג פּיק, שראַגע, עולם הבא, מיסטער בוים אין קלאָזעט און אינצווייען אַ זעקס און זעכציג.

ווען שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן שרייבן זיינע דראַמאַטישע ווערק, האָט ער לכתחילה ניט געטראַכט וועגן דעם טעאַטער. איינע פון די אורזאַכן איז געווען וואָס דער אידישער טעאַטער אין רוסלאַנד מיט 40—50 יאָר צוריק איז געווען אין אַזאַ נידעריגן צושטאַנד, אַז קיין שרייבער, וואָס האָט זיך באַצויגן מיט אַכטונג צו זיין וואָרט, האָט אַפילו ניט געקאָנט טראַכטן וועגן שרייבן פאַר יענעם טעאַטער. אַ צווייטע אורזאַך גיט שלום־עליכם אַליין אָן אין דער פאָררעדע צו דער צווייטער אויפלאַגע פון זיין דראַמע „צעזייט און צעשפּרייט" *):

„הגם די דאָזיגע בילדער זיינען געשריבן אין אַ דראַמאַטישער פאָרם, דאָך האָט זיך מיר אַפילו ניט גע׳חלומ׳ט, אַז איך וועל אַמאָל זוכה זיין צו זען זיך אויף דער סצענע. אין עטלעכע יאָר האָט מען די פּיעסע איבער־געזעצט אין דער פּוילישער שפּראַך און מ׳האָט זי געשפּילט אין פּוילישן טעאַטער אין וואַרשע. אמת, דער עולם האָט אויפגענומען די פּיעסע און דעם מחבר זייער ראַשענד, די גאַלעריע האָט געפּאַטשט „בראַוואָ" ווי גע־ווינלעך, נאָר וואָס מער דער עולם האָט געוואַלדעוועט, אַלץ מער האָט עס דעם מחבר פאַרדראָסן. ער האָט זיך געפילט, אַז דער פּיעסע פעלט אַ סך מער וויפל זי פאַרמאַגט. ער האָט געפילט, אַז אויף דער בינע ווערט גע־שפּילט אַ פעליעטאָן, נישט קיין דראַמע".

*) „אַלע ווערק פון שלום־עליכם", ספּעציעלע „מאָרגן־פרייהייט" אויסגאַבע, ניו יאָרק, 1937; „דראַמאַטישע שריפטן", בענד 5 און 6.

ווייטער דערציילט שלום־עליכם, אַז צו דער נייער אויסגאַבע האָט ער זיין פּיעסע אינגאַנצן איבערגעאַרבעט, פּאַקטיש געמאַכט אַ נייע פּיעסע, וועלכע ער באַטראַכט שוין ניט פאַר אַ פעליעטאָן, נאָר וועלכע האָט „כאָטש אַ שטיקל פּנים פון אַ פּיעסע".

דאָס, וואָס שלום־עליכם דערציילט דאָ, כאַראַקטעריזירט אים פּונקט אַזוי גוט, ווי זיינע דראַמאַטישע ווערק. ער, שלום־עליכם, איז געווען זייער שטרייננג צו זיך, — שטרייננגער ווי דער עולם איז צו אים געווען. ער אַליין איז געווען זיין אייגענער שאַרפסטער און שטרייננגסטער קריטיקער.

פון דער אַנדער זייט איז ריכטיג, אַז אין זיינע דראַמאַטישע סצענעס (ניט נאָר אין „צעזייט און צעשפּרייט") האָט זיך גאַנץ שטאַרק געפילט דער פעליעטאָן. פון אָנהויב האָט שלום־עליכם קיין אַנדער זאַך אַפילו ניט געמיינט און די דראַמאַטיזירטע פאָרם, וואָס ער האָט צוגעגעבן אייניגע זיינע וויכטיגערע פעליעטאָנען, האָט אין זיינע אייגענע אויגן געקאָנט אויסזען ווי אַ צופאַל.

אָבער אין דער אמת׳ן איז די דראַמאַטישע פאָרם ביי שלום־עליכמ׳ען ווייט ניט קיין צופאַל. ער אַליין האָט טאַקע געמעגט מיינען, אַז ער שעפּט בלויז אַראָפּ דעם שוים פון לעבן און ווייזט אונז דעם שוים אין אַ מין קרומען שפּיגל, שמייכלענדיג פון דעם „וואָס פאַר אַ נאַראָנים די דאָזיגע שטערבלעכע זיינען". פאַקטיש אָבער האָט ער געשעפּט אַ סך טיפער ווי ער האָט לכתחילה געמיינט, און זיין קרומער שפּאַס־שפּיגל איז גאָר געווען געמאַכט פון דעם גלאָז, פון וועלכן מען מאַכט מיקראָסקאָפּן: ער האָט אונז ניט נאָר באַוויזן מיט אַלע פּיטשעווקעס די קליינע מענטשעלעך, נאָר ער האָט אויך אַרויסגעבראַכט דעם ברייטן סאָציאַלן הינטערגרונט אויף וועלכן זיי זיינען אויסגעוואַקסן.

ער האָט געקאָנט צופעליג אויסקלייבן אַ דראַמאַטישע פאָרם פאַר דעם, אָדער יענעם ווערק זיינעם, — אָבער אַלע זיינע ווערק זיינען אַזוי אָנגעפילט מיט אַ דראַמאַטישן אינהאַלט, מיט האַנדלונג, מיט סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן, מיט אַ לעבעדיגן, שפּרודלדיגן דיאַלאָג, אַז די ווערק האָבן באַקומען אַ דראַמאַטישן ווערט, — אפילו אָן אַ אַ ספּעציעלער טעכניש־דראַמאַטישער פאָרם. אין אַ דראַמע מוז מען האָבן העלדן, מען מוז האָבן לעבעדיגע פאַרשוינען, „וואָס כאַפּן דיר אַרויס דאָס וואָרט פון מויל"; מען מוז האָבן האַנדלונגען, וואָס רייסן זיך אַרויס פון דער געוויינלעכער, מעכאַנישער רוטינע; מען מוז האָבן מיט וועמען צו סימפּאַטיזירן און וועמען פיינט צו האָבן. און אין שלום־עליכמ׳ס דראַמען, — אפילו אין די, וואָס טראָגן גאָר

ניט קיין אויסערלעכע דראַמאַטישע פאָרם, האָבן מיר די דאָזיקע עלעמענטן אין דער פולער מאָס. שלום־עליכם איז דראַמאַטיש, אפילו ווען ער טראַכט ניט וועגן דעם; זיינע דיאַלאָגן זיינען סצעניש, אפילו ווען זיי זיינען ניט ספּעציעל דראַמאַטיזירט. זיינע פּאַרשוינען בעטן זיך ממש אויף דער סצענע, וואו זיי זאָלן קאָנען באַוועגן זיך, מאַכן מיט די הענט, רעדן מיט דער געהעריגער אינטאָנאַציע און דירעקט זיך פאַרבינדן מיטן עולם. שלום־עליכם האָט אין זיינע ווערק געשאַפן לעבעדיגע טיפּן, וואָס האָבן אין זיך פאַרקערפּערט גאַנצע שיכטן און עפּאָכן פון אידישן לעבן, און דערפאַר איז עס שפּעטער געוואָרן אַזוי נאַטירלעך צו דראַמאַטיזירן זיינע ווערק און באַרייכערן מיט זיי אונזער טעאַטער.

די ערשטע דראַמאַטישע סצענע זיינע, וואָס גייט אַריין אין בוך „דראַמאַטישע שריפטן", איז „דער גט", געשריבן אין יאָר 1887, בעת שלום־עליכמ'ס ערשטע שרייבערישע טריט, ווען ער איז נאָך ניט געווען דער פולשטענדיגער שלום־עליכם, וועלכן מיר האָבן שפּעטער געקענט. שלום־עליכם באַצייכנט דעם „גט" אַלס „סצענעס פונ'ם אַמאָליגן אידישן לעבן אין איין אַקט און דריי בילדער".

לויטן אינהאַלט איז דאָס אַ טיפּיש ווערק פון דעם פּעריאָד פון ליבע־ראַלער אויפקלערעריי. מען דאַרף זיך דערמאָנען, אַז מיר זיינען איצט אָפּגערוקט פון יאָר 1887 מיט מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט. מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק האָט דאָס אידישע לעבן אויסגעזען אַנדערש ווי איצט. פון אויבן איז עס געווען איינגעשטאַנען, ווי אַ גרינער צודעק איבער אַ זומפּ. אָבער אונטן איז עס געווען היפּש צעטרייסלט. די גרונטן פון דעם אַלטן לעבן האָבן געהאַלטן אין צעפאַלן זיך. פאָרמען און אינהאַלט פון אַ נייעם לעבן, פון אַ מאָדערנעם וועלט־באַנעם האָבן זיך ערשט גע־האַלטן אין אויסבילדן.

לויט דער אַלטער סענטימענטאַלער טראַדיציע איז „דער גט" אַ מאָ־ראַל־דראַמע, געבויט אויפן הינטערגרונט פון דער אַלטער פאַמיליע. דער עלעמענט פון קאָמיזם ווערט אין די דראַמאַטישע סצענעס אַריינגעטראָגן סיי דורך דער אומגעצוואונגענער אָפּנהאַרציגער היימישער שפּראַך, וואָס מען באַנוצט געוויינלעך ווייניג פאַר לייטן (למשל, די פאַרשיידענע קללות און שבועות), סיי דורך דער פּראַקטיקייט פון דעם ענין, מיט וועלכן מ'האָט צו טאָן: אַ שוויגער (דער אַלט־באַקאַנטער שוויגער טיפּ) שרה חנצי זוכט אָפּצו'גט'ן איר איידעם מאָטל, אַ פיינעם יונגמאַנטשיק, פון איר טאָכטער

עטל. אין דעם איז פֿאַראַן גענוג עלעמענטן פֿאַר דעם קאָנווענציאָנעלן געלעכטער.

אָבער שלום־עליכם הויבט זיך ווייט אויף איבער דער סקאַרבאָווער פֿאַרמע און טעמע. ער ווייזט אונז, ווער די שוויגער איז און פֿאַרוואָס זי איז אַזוי פֿאַרביטערט און האָט אַזאַ איינפֿלוס אויף דער משפּחה: זי איז די האַרעפּאַשניצע, די ברויטגעבערין אין דער משפּחה. ער ווייזט אונז, פֿאַרוואָס די האַנדלונגען פֿון דער שוויגער זיינען אַזוי אומגעלומפּערט שלעכט און אויסער פּלאַץ: איר מאַן, ראובן הערש, איז אַ יודע ספֿר, וואָס לייענט „היינטיגע ספֿרים", און איר איידעם מאָטל איז אַן אינטעליגענטער, היינט־וועלטיגער מענטש.

אין דער קאָנווענציאָנעלער שוויגער־געשיכטע מישט שלום־עליכם אַריין אַ שטאַרקע ליבע־געשיכטע, עס ווערט געשטעלט ליבע אַנטקעגן דער שוויגער־און שוויגער־איידעם־קעסט סיטואַציע. דער געפּלאָנטער גט ענדיגט זיך דערמיט, וואָס „דאָס פֿאַרפֿאַלק ווערט אומגעריכט צונויפֿגעגאָסן אין אַ לאַנגען, הייסן, פֿלאַם־פֿייערדיגן קוש" גראָד אינמיטן פֿון דער פֿאַרשימלטער גט־צערעמאָניע, וואָס דער רב מיט אַן עדה אידן האַלטן אין דורכפֿירן. און דער רב מיט דער גאַנצער עדה אידן נעמען אָן אָט דעם „פֿלאַם־פֿייערדיגן קוש" ווי אַ נאַטירלעכן אויסוועג, וואָס פֿאַרשוועכט ניט זייערע געפֿילן.

מען דאַרף זיך נאָר פֿאַרשטעלן די אידישע סביבה פֿון מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, מען דאַרף בלויז דערמאָנען זיך אָן דעם, אַז דאָס איז געווען אַ צייט, ווען „קליינע קינדער זיינען געשטאָרבן" צוליב דעם, וואָס אַ יונג ווייבל איז געגאַנגען „מיט אייגענע האָר", כדי צו פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ רעוואָלוציע אין גאַנצן אידישן שטייגער עס האָט באַדייט אָט דער „פֿלאַם־פֿייערדיגער קוש" אין דער עפֿנטלעכקייט.

שלום־עליכמ׳ס „גט" איז געבליבן לעבן אויף אונזער בינע ביז איצט, ווייל ער האָט אָנגעטיילט זיינע פֿאַרשוינען מיט אַזויפֿיל געזונטער לעבע־דיקייט, אַז מיר פֿאַרשטייען זיי ביז היינטיגן טאָג.

⁘ ⁘ ⁘

שלום־עליכמ׳ס דראַמאַטישער „פּעליעטאָן" „צעזייט און צעשפּרייט" איז געשריבן געוואָרן אין אָנהויב פֿון יאָר 1903, אינגאַנצן מיט אַ פּאָר יאָר פֿאַרן אויסברוך פֿון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע, ווען אונטער דעם אויסערלעכן שטייגער־שוים האָט עס שוין געקאָכט און געזאָטן סיי אין רוסלענדישן, סיי ספּעציעל אין דעם אידישן לעבן. ס׳איז גענוג געווען

אפילו פאַרבייגייענדיג צו פאַרטשעפּען אַ מענטשן, אַז ער זאָל אָנהויבן רעדן; ס'איז געווען געגנוג בלויז פון אויבנאויף אָנרירן אַ פּראָבלעם, אַז זי זאָל תיכף נעמען מאָנען אַן ענטפער. שלום־עליכם איז דעמאָלט שוין ניט געווען דער אָנפאַנגער פון יאָר 1887. ער איז שוין געווען אַן אָנער־קענטער קלאַסיקער אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס האָט דורך זיינע סעריעס פון מנחם־מענדלען און פון טביה דעם מילכיגן באַוויזן צו פאַרטיפן זיך אין די וויכטיגסטע פּראָבלעמען פונ'ם אידישן לעבן. שלום־עליכם האָט שוין צו יענער צייט געפילט אַ באַדערפעניש צו פּרואוון געבן אַן אַלגעמיין בילד פון די אינעווייניגסטע סתירות פון דעם נייעם אידישן לעבן, און די פּראָבע האָט ער צום ערשטן מאָל געמאַכט אין יאָר 1903 אין דעם דראַ־מאַטיזירטן פעליעטאָן „צעזייט און צעשפּרייט".

אין וואָס איז באַשטאַנען דער געדאַנק פון דער דראַמע „צעזייט און צע־שפּרייט"? דער הויפּט־געדאַנק איז באַשטאַנען ניט ווי אין אָנהויב, אַז עלטערן פאַרשטייען ניט די קינדער און קינדער גייען אַוועק פון די עלטערן, — נאָר אין דעם, אַז מיר לעבן אין גאָר נייע צייטן, ווען צווישן די קינדער און די עלטערן, און אַפילו צווישן די קינדער גופא איז אויסגעוואקסן אַ טיפער פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער תהום. ס'איז שוין איצט ניט גלאָט דער אייביגער „צעזייט און צעשפּרייט", דער ביאָלאָגישער פאַקט, אַז די עלטערן בלייבן זיצן און די קינדער גייען אַוועק. איצט ווייסן די קינדער פאַרוואָס זיי גייען אַוועק און וואוהין זיי גייען אַוועק. דער עצם פון דער דראַמע איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער סצענע, וואו דער פאָטער, מאיר, דער מעקלער ביים פּריץ, דיקטירט אַ בריוו צום גראַף:

מ א י ר (דיקטירט): . . . מיין שטענדיגע געטריישאַפט צו דיר, יאַסנאָוועלמאָזשנע פּאַן כראַביע, און צו דיין הויזגעזינד . . .

ח י י ם (הויך): איך פאַרשטיי ניט, צו וואָס זאָל אַ איד זיך מאַכן אַזוי נידעריג פאַר אַ פּריץ?

װ ו אָ ל אָ ד י: וואָס עפּעס אַ איד? און גלאָט אַ מענטש פאַר אַ מענטשן?

מ א י ר: גוט, גוט. דער גראַף קען מיך, ברוך השם, ניט דאָס ערשטע יאָר . . . ער ווייסט, פאַרשטייט איר מיך, אַז איך בין אים געטריי און איבערגעגעבן ווי אַ הונט . . .

ח י י ם און װ ו אָ ל אָ ד י (ביידע מיטאַמאָל): אָט־אָט, אָט דאָס מיינט מען טאַקע, אָט דאָס וואָרט „הונט" איז איבעריג!

חיים איז אַ ציוניסט און וואָלאָדי איז אַ סאָציאַליסט. צווישן זייביידן

איז אויך פֿאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד. אָבער זיי ביידע שטימען שוין איין, אַז „דאָס וואָרט הונט איז איבעריג" און זיי קעמפן פֿאַר דער בייער ווערדע פֿון דעם איד און מענטש בכלל. אין פֿאַרלויף פֿון דער דראַמע צעגייען זיך די העלדן אין פֿאַרשיידענע דיטן, יעדער איינער אויף אַ נייעם לעבנס־וועג, וואָס רייסט אינגאַנצן איבער מיט דעם אַלטן אידישן שטייגער און טראַדיציע. דער טאַטע, מאיר, בלייבט אַליין, און ערשט דעמאָלט איבער־ציינט ער זיך, אַז ער איז ניט נאָר איינזאַם, אויסער זיין צייט, נאָר אַז ער איז גייסטיג פֿולשטענדיג באַנקראָט.

דאָס איז געווען דער געדאַנק, וואָס שלום־עליכם האָט געפּרואווט אַרויס־ברענגען אין זיין דראַמע. מען קאָן ניט זאָגן, אַז דאָס איז אים דעמאָלט פֿולשטענדיג געלונגען. פֿון איין זייט האָט די דראַמע נאָך געליטן פֿון אַן איבערפֿלוס פֿון „שטייגעריזם", וואָס איז שוין צו יענער צייט געווען ניט טראַגיש, נאָר קאָמיש; פֿון דער אַנדער זייט האָבן זיך די נייע העלדן שלום־עליכמ׳ס אויסגעלעבט דערהויפּט אין רעדעס, אין דיסקוסיעס. דאָס האָט דעמאָלט געקאָנט זיין דערפֿאַר, ווייל אַנשטאָט אַרויסצוברענגען די נייע מענטשן, ווי דער אמת איז געווען, אַלס פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַרשיידענע קלאַסן, וואָס קעמפן צווישן זיך, האָט זיי שלום־עליכם אין הסכם מיט זיין אייגענער ווייט ניט קלאָרער, קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע אַרויסגעבראַכט אַלס מיט־גלידער פֿון משפּחה, וואָס רייסן זיך בלויז אַרום.

אָבער די פּיעסע האָט געהאַט איין גרויסע מעלה: זי איז געווען די ערשטע מאָדערנע סאָציאַלע פּיעסע אין אידיש (אין רוסלאַנד), זי האָט גע־רעדט אין אַ שפּראַך און אַרויסגעבראַכט פּראָבלעמען, וואָס זיינען געווען באַקענט דעם דעמאָלטיגן ערב־רעוואָלוציע עולם. און דערפֿאַר האָט מיט שלום־עליכמ׳ס דראַמע „צעזייט און צעשפּרייט" פּאַסירט דאָס, וואָס ס׳האָט אַמאָל פּאַסירט מיט טורגעניעוו׳ס ראָמאַן „פֿאָטערס און קינדער": דער לייענער האָט אין די ווערק אַריינגעלייגט אַ ברייטערן און אַ מער אויס־דריקלעכן זינען, ווי דער אויטאָר אַליין האָט עס געמיינט. און כאָטש די אידישע בורזשואַזיע איז ווייט ניט געווען באַגייסטערט פֿון דעם, וואָס שלום־עליכם, דער „לייכטער לונג־און־לעבער" גייט אַוועק אויפֿן וועג פֿון זוכן אַן ענטפֿער אויף ערנסטע סאָציאַלע פּראָבלעמען, האָבן אָבער די אידישע פֿאָלקסמאַסן מיט פֿרייד אויפֿגעכאַפּט די דראַמע. „צעזייט און צעשפּרייט" איז ביי אַלע אירע אינערלעכע און קאָנסטרוקטיווע פֿעלערן געוואָרן אויף אַ לאַנגער צייט (און איז טיילווייז ביז איצט פֿאַרבליבן) דער צענטער פֿון דעם רעפּערטואַר פֿון יעדן אידישן אַרבעטער דראַמאַטישן פֿאַראיין.

„צעזייט און צעשפרייט" איז געווען אַ גוטער אָנהויב. אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין יאָר 1907, קומט שלום־עליכם אַרויס מיט זיין באַרימטן איינאַקטער „מענטשן". אויך „מענטשן" זיינען, לויט שלום־עליכמ׳ס געוויינטלעכן מעטאָד, איבערגעלאָדן מיט שטייגער. אָבער דער שטייגער (פון גביר׳ישן לעבן) איז דאָ שוין געגעבן אין טענער פון שאַרפער, פיינטלעכער סאַטירע, און עס איז געשטעלט געוואָרן אַ פּראָבלעם וועגן די באַציאונגען צווישן „מענטשן" און באַלעבאַטים, — ניט פון אַרבעטער בלויז, נאָר פון „מענטשן" וואָס ווערן געדריקט פון די באַלעבאַטים אויך אין זייער פּערזענלעכן לעבן. שלום־עליכם שטעלט זיך שוין ניט אָפּ אַפילו פאַר אַרויסברייגגען צווישן זיינע העלדן אַ פּראָסטיטוטקע און ווייזן, אַז זי איז ערלעכער און פיינער ווי די באַלעבאַטים; ער לאָזט זיינע העלדן רעדן כמעט סאָציאַליסטישע רייד און פאַרענדיגט דעם אַקט מיט אַן אַלגעמיינעם סטרייק פון די „מענטשן".

ווען מיר וועלן האָבן אינזינען, אַז אין יאָר 1907 איז שוין די רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד געווען ווייט באַרג־אַראָפּ, און אַז פיל שרייבער פון דעם בורזשואַזן לאַגער זיינען דעמאָלט מיט גרויס אימפּעט אַריבער אין לאַגער פון דער ערגסטער גייסטיגער און פּאָליטישער רעאַקציע, וועט די סאָציאַלע הויך, אויף וועלכער שלום־עליכם האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט זיינע „מענטשן", ווערן באַזונדערס אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש.

די בעסטע דראַמאַטישע אַרבעט שלום־עליכמ׳ס איז זיין פאָלקסשפּיל „דאָס גרויסע געווינס". דאָ טרעט שלום־עליכם אַרויס באַוואָפנט מיט זיין בעסטן געווער. קודם־כל די סאָציאַלע כאַראַקטעריסטיקס פון דעם אָרעמען „עמך" שימעלע סאָראָקער, פון די שניידער־יונגען מאָטל קאסאָי און קאָפּל פּאַלבאָן, און פון די גבירים אָסקאַר סאָלאָמאָנאָוויטש און סאָלאָמאָן אָסקאָ־ראָוויטש. די כאַראַקטעריסטיקעס זיינען קלאָרע, שאַרפע און ווערן באַוויזן דורך אמת׳ע סאָציאַלע אונטערשיידן, און ניט בלויז דורך געשפּרעכן. ווייטער: די קאָמישע שטייגער־שטריכן, אַן וועלכע שלום־עליכם קאָן זיך ניט באַגיין אין קיין איינעם פון זיינע ווערק, זיינען אין „גרויסן געווינס" ניט פאַרשלעפּט געוואָרן דורך דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון שלום־עליכמ׳ס באַ־רעדעוודיקייט, נאָר זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון דער אומדערוואַרטעטער, אָבער נאַטירלעך געגעבענער סיטואַציע גופא. ווען אַן אָרעמער שניידער ווערט פּלוצלינג אַ גביר און פילט זיך אין זיין רייכקייט ווי אין אַן ענגן לאַקירטן שוך; ווען ער פאַרלירט זיין רייכקייט און דערפילט זיך גוט אין זיין אייגן געוואוינטן שטייגער, — מוזן דאָ זיין עלעמענטן צום שמייכלען און צום לאַכן, דער לאַכן מוז דאָ זיין אַ נאַטירלעכער און פון גאַנצן האַרצן.

דער קאָנפליקט אין שימעלע סאראקער׳ס פאַמיליע, נאָדדעם ווי ער קריגט דעם גרויסן געווינס, איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער סאָציאַלער ענדערונג, וואָס האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן, און די ליבע, וואָס שלום־עליכם ווייזט אַרויס צו זיינע „עמך״־העלדן איז פונקט אַזוי ברייטהאַרציג און אויפ־ריכטיג ווי די שנאה און פאַראַכטונג, וואָס ער פילט צו די גבירים און פאַראַזיטן.

אין דעם „גרויסן געווינס״ האָט זיך שלום־עליכם דערהויבן ניט נאָר צו אַ גרויסן איבערלעכן דראַמאַטיזם, נאָר אויך צו אַ גרויסער דראַמאַטור־גישער הויך. ער האָט געשאַפן טעאַטער־פאַרשוינען, וואָס זיינען איבערגע־וואַקסן זייער שטייגער־סביבה און זיינען געוואָרן לעבעדיגע סאָציאַלע סימ־באָלן. און טאַקע דערפאַר איז שלום־עליכמ׳ס רייפסטע דראַמאַטישע אַרבעט געוואָרן (אונטערן נאָמען „200 טויזנט״) איינער פון די ווערטפולסטע דימענטן אין דער קרוין פון דער אידישער דראַמאַטורגיע.

# קריטיק און זעלבסטקריטיק

שלום־עליכם איז אַזוי גוט באַקאַנט דעם ברייטן עולם ווי אַ קינסטלער, אַ בעלעטריסט, אַז ניט אַלע ווייסן און געדענקען, אַז ער איז אויך געווען אַ קריטיקער, — איינער פון די ערשטע קריטיקער אין דער אידישער ליטעראַטור, — און אַ טיפער ליטעראַטור־שאַצער. אין סוף פון די 80ער יאָרן, ווען שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיין באַרימטע „אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק״, וועלכע איז געווען אַן אמת׳ער קער־פונקט אין דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, האָט ער אין די זאַמלביכער פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק געשריבן ניט נאָר דערציילונגען, נאָר אויך קריטישע אַרטיקלען און רעצענזיעס אונטער די נעמען: ס. ביכערפרעסער, שולמית, אסתר, סאָלאָמאָן עסביכער, קריטיקוס דער צווייטער, און אַנדערע פסעוודאָנימען. אין זייער צייט האָבן זיינע אַרטיקלען וועגן ביכער און שרייבער געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין פאָרמירן אַ מאָדערנעם געשמאַק און ליטעראַרישן צוגאַנג ביים אידישן שרייבער און לייענער.

אין שלום־עליכמ׳ס געזאַמלטע ווערק זיינען זיי ניט אַריין, — מסתמא דערפאַר, ווייל דער אויטאָר האָט זיי גערעכנט פאַר ניט וויכטיג גענוג, — אפשר צוליב דער ניט־וויכטיקייט פון ס׳רוב ביכער, וועגן וועלכע אים איז אויסגעקומען צו שרייבן. אין דעם דיאַלאָג אונטערן נאָמען „שלום־עליכם״, וואָס ער האָט געשריבן אין יאָר 1902, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר דער „אידישער פאָלקסצייטונג״, גיט ער איבער אַ סאַטירישן געשפּרעך צווישן זיך און דעם פאַרלעגער:

„איך וויל, — זאָגט צו אים דער פאַרלעגער, — איר זאָלט זיך מטריח זיין כאָטש איין מאָל אין חודש דורכקוקן די אַלע ביכער און ביכלעך, וואָס די שרייבער שרייבן . . . ״

„מאַכן קאַליע פּאַפּיר . . . ״

„די דרוקער דרוקן . . . ״

„אַז מען שמירט — פאַרט מען, אַז מען צאָלט — דרוקט מען . . . ״

„און דער עולם לייענט . . . ״

„אַ ברירה האָט ער? מען גיט ניט דער בהמה קיין קליען, קייט זי שטרוי . . . ״

„זאָלט איר זיך מטריח זיין און דאָס אַלצדינג דורכקוקן, איבער־לייענען און איבערגעבן דערנאָך אין קורצן דעם לייענער, אים רעכט צעקייען, וועלכעס איז גוט און וועלכעס טויג אויף כפרות . . . "

„אַ רחמנות אויפן מאָגן . . . "

„מיט איין וואָרט, — איר זאָלט שרייבן קריטיק".

„מישטיינס געזאָגט! בין איך מיר אויך אַ בהמה און פגר אויך אין דער טשערעדע . . . "

„נאָר וואָס דען? איך וועל אייך בעטן ס'זאָל זיין שטיל . . . "

„וואָס באַדאַרף מען שרייען?"

„און אַן פּייער . . . "

„און אויך אָן וואַסער . . . "

„און אָן כעס . . . "

„כעס איז עבודה זרה . . . "

„אייער קריטיק זאָל זיין אי לעבעדיג אי גוצלעך, אי ערנסט, אי וויציג . . . איר פאַרשטייט, צי ניין?"

„איך פאַרשטיי, פאַרוואָס זאָל איך ניט פאַרשטיין? איר ווילט איך זאָל פון די שמאַטעס, וואָס מען פאַרפלייצט מיט זיי אונזער ליטע־ראַטור־מאַרק, מאַכן אַ גאַנצן צימעס. גריבלען זיך אין אַ קופּע מיסט און אויסזוכן אַמאָל אַ פּערל, — אַ גרינגע אַרבעט, מען קאָן פון איר בלויז בלוי באַשטיין, זייער געזונט סיי פאַרן גוף, סיי פאַר דער נשמה . . . "

אין דעם דאָזיגן סאַטירישן דיאַלאָג זאָגט שלום־עליכם אַרויס אַ סך אמת וועגן דעם מין ליטעראַטור, מיט וועלכן אים איז אין די פריערדיגע יאָרן אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן. אָבער ער האָט פונדעסטוועגן בנוגע צו זיך אַליין און צוליב דעם שאַרפן ווערטל איבערגעבויגן דעם שטעקן. ער האָט דוקא זייער שטאַרק ליב געהאַט זיין גאַנץ לעבן סיי דאָס בוך, סיי דעם שרייבער, — און אויב ער איז געווען אומצופרידן מיט שמאַטעס און האָט זיי ניט געזשאַלעוועט קיין געפעפערט ווערטל, איז ער אָבער געווען איבערגליקלעך, ווען ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אַן אמת'ן שרייבער. דאָס קאָן מען זען פון זיינע בריוו, אין וועלכע ער רעדט מיטן גרעסטן אינטערעס און ליבע וועגן יעדן איינעם וואָס ווייזט אַרויס דעם מינדעסטן פונק פון טאַלאַנט. דאָס זעט מען אין די רעצענזיעס, וואָס ער האָט ניט איינגעשלאָסן אין זיינע ווערק און דאָס זעט מען באַזונדערס בולט אין זיינע זכרונות וועגן אידישע שרייבער, וואָס זיינען אַריין אין זיין באַנד „אידישע שרייבער".

אינ׳ם דאָזיגן באַנד גייען אַריין שלום־עליכמ׳ס דערינערונגען וועגן מענדעלע, פּרץ, מ. מ. וואַרשאַווסקי, פרישמאַן, ביאַליק, לעווינסקי, דינעזאָן און ראַווניצקי, — די גרופּע שרייבער, מיט וועלכע שלום־עליכם איז געווען באַזונדערס אינטים פאַרבונדן. געשריבן געוואָרן זיינען די זכרונות ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן צו יובילייען און יאָרצייטן פון די שרייבער און דאָס האָט אויף זיי, נאַטירלעך, געמוזט אַרויפלייגן אַ באַזונדערן שטעמפּל פון געלעגנטלעכקייט. אָבער איבער אַלע דערינערונגען, וואָס כאַראַקטעריזירן די שרייבער, שוועבט פונדעסטוועגן שלום־עליכמ׳ס פיגור אַליין און דורך דעם, וואָס ער דערציילט אונז וועגן מענדעלע׳ן, וועגן ביאַליק׳ן, וועגן פרישמאַנ׳ען, וועגן פּרצ׳ן און אַנדערע, זעען מיר באַזונדערס קלאָר אַרויס שלום־עליכמ׳ען גופא און זיין באַציאונג צו ליטעראַטור. און דאָס איז בשום־אופן ניט דערפאַר, וואָס ער שרייבט זכרונות וועגן זיך אַליין, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל ביי שרייבער, ווען זיי דערמאָנען זיך אָן אַנדערע. ניין, דאָס איז פשוט דערפאַר, ווייל די פערזענלעכקייט און די מיינונגען שלום־עליכמ׳ס דריקן זיך קלאָר אויס אין דעם אויסוואַל פון די פאַקטן, וואָס ער דערציילט וועגן אַנדערע, און זיינע באַמערקונגען שטאַמען פון דער אַלגעמיינער ליניע, אָן וועלכער ער האָט זיך געהאַלטן אין דער ליטעראַטור.

שלום־עליכם, ווי באַקאַנט, האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון מענדעלע׳ן און ער שעמט זיך קיינמאָל ניט צוצוגעבן, אַז ער האָט ביי אים זייער אַ סך געלערנט. ביי אַ סך געלעגנהייטן שטרייכט ער אונטער זיין גייסטיגע קרובה׳שאַפט מיט מענדעלע׳ן, דערציילנדיג, אַז דאָס האָט ער אַ נאָמען געגעבן מענדעלע׳ן „זיידע", און אַז דער זיידע האָט עס אים אַ נאָמען געגעבן „אייניקל". מענדעלע׳ס איינפלוס אויף שלום־עליכמ׳ען איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען נאָר ער הויבט אָן רעדן וועגן מענדעלע׳ן, פאַלט ער אַריין אין מענדעלע׳ס שטייגער און שפּראַך (זע, למשל, די נאַטור־באַשרייבונג אין שלום־עליכמ׳ס דערינערונגען וועגן מענדעלע׳ן, די קאַפּיטלען „ווי שיין איז דער בוים" און „אויטאָ־דאַ־פע"). אָבער דאָס שאַדט אים בשום־אופן ניט באַציען זיך קריטיש צו איינעגע מעטאָדן און זשאַנרען פון מענדעלע׳ס שאַפן. דערציילנדיג, למשל, אַז ער האָט אונטער מענדעלע׳ס איינפלוס אָנגעשריבן אָן אַלעגאָריש ווערק — „להבדיל, אַ מין „קליאַטשע", — באַמערקט ער דערביי:

„און מחמת מיר האָט זיך געגלוסט געבן אַן אַלעגאָריע, דאָס הייסט, איך האָב געהאַלטן פאַר די אויגן ניט דאָסווירקלעכע לעבן, נאָר די „כנסת

ישראל״, בין איך מסתמא פאַרקראַכן אין אלף־השישי אַריין״, — דאָס הייסט, די זאַך האָט געטויגט אויף כפּרות.

דאָס איז אָבער געווען, ווי עס שטעלט זיך אַרויס, ניט נאָר שלום־עליכמ׳ס מיינונג אַליין. ווען שלום־עליכם האָט אָנגעשריבן זיין „מין קליאַטשע״, איז ער שוין געווען אַ באַקאַנטער שרייבער, ער איז שוין גע־שטאַנען אין נאָענטע פּערזענלעכע באַציאונגען מיט מענדעלע׳ן, און ער האָט ספּעציעל איינמאָל איינגעלאַדן צו זיך מענדעלע׳ן, כדי איבערצולייענען אים זיין ווערק. די געשיכטע, ווי ער האָט פאַרגעלייענט די זאַך פאַר מענדעלע׳ן און וואָס דערפון איז טאַקע אַרויסגעקומען, איז טאַקע באַשריבן אין דעם קאַפּיטל „אויטאָ־דאַ־פע״.

די ערשטע זאַך, וואָס מענדעלע האָט געפרעגט שלום־עליכמ׳ען איידער יענער האָט אים אָנגעהויבן פאַרלייענען דאָס ווערק, איז געווען: „וואָס האָט איר געוואָלט ? ״ שלום־עליכם איז זיך מודה, אַז גראָד וועגן דעם האָט ער ניט געטראַכט. ער איז אַ שרייבער, האָט זיך אים געוואָלט שרייבן. און וואָס ער האָט געוואָלט זאָלן אַנדערע פּרוּוון טרעפן . . . וואָס אָבער איז געווען דער סוף פון דעם פאַרלייענען ? מענדעלע האָט געהערט שלום־עליכמ׳ען מיט קאָפּ, און ענדלעך האָט ער אים איבערגעשלאָגן מיט דער פראַגע, אויב „עס הייצט זיך דאָרט ביי אייך אין אויוון ?״

„געוויס הייצט זיך אין אויוון.״

„אויב עס הייצט זיך״, האָט אָפּגע׳פּסקנ׳ט מענדעלע, „נעמט און וואַרפט אַריין דעם גאַנצן העפט אין אויוון אַריין און פאַרברענט עס אויפן פייער. דאָס איז ניט אייער זשאַנר. דאָס איז . . . דאָס איז — פע!!!״ (זייט 39).

און שלום־עליכם פאַרענדיגט זיין דערינערונג מיט אַן אויפריכטיגן דאַנק דעם זיידן דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי שאַרף געמאַכט אַ סוף צו זיין ווערק.

אָבער כאָטש שלום־עליכם לויבט אָט די באַציאונג מענדעלע׳ס, איז עס פונדעסטוועגן ניט געווען זיין אייגענע באַציאונג צו אַנדערע. מען פילט עס אין זיין דערינערונג וועגן פּרצ׳ן („אַ וואָך מיט י. ל. פּרץ), ווען ער דערציילט, אַז „פּרץ איז געווען צייטנווייז קאַלט ווי אייז, שטרענג ווי אַ רבי און שניידנד ווי אַ מעסער. „שטיוול פּוצן!״ — האָט ער געקאָנט געבן אַ שנייד אָפּ אַ גראַמען־מאַכער, וואָס איז געקומען צו אים מיט אַ „בינטל פּאָעזיע״ אַזוי, אַז יענער האָט נישט געוואוסט וואו אַ טיר עפנט זיך״. אַזאַ באַציאונג געפעלט ניט שלום־עליכמ׳ען, און ס׳איז ניט זיכער, צי אים גע־פעלט אויך אַן אַנדער באַציאונג פון דעם זעלביגן פּרצ׳ן: „האָט ער אָנגע־שמעקט, אַז ס׳איז דאָ טאַלאַנט, האָט ער אים אויפגעהויבן ביז צום הימל

און האָט אָנגעזאָגט דורך דינעזאָנ׳ען אַ בשורה אין שטאָט, אַז ס׳איז געבאָרן געוואָרן ביי אידן אַ שעקספּיר, אַ ישעיהו הנביא, אַ משיח! משיח! . . . און — גיט צו שלום-עליכם — פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אָפּטמאָל געהאַט אַ מיאוס׳ן טעות אויך״.

ס׳איז קלאָר, אַז שלום-עליכם האַלט ניט פון אָט דער אימפּולסיווער משיח-דערהויבונג פון שרייבער. וואָס ער פאַרלאַנגט און לייגט פאָר, איז אויפמערקזאַמע קריטיק, די פּראָבע צו פאַרשטיין יענעמס פּיאַיקייט, יענעמס בעסטן זשאַנר, — אַן אָפּשאַצונג, אַן אַנאַליז, ווי שאַרף ער זאָל ניט זיין.

אַ מוסטער פון דעם, ווי ער קאָן זיין שאַרף און אומ׳ברחמנות׳דיג, ווען עס האַנדלט זיך אין באַקעמפן ליטעראַרישע דערשיינונגען, וואָס ער רעכנט פאַר שעדלעך, האָט אונז שלום-עליכם געגעבן שוין דעמאָלט, ווען ער האָט ערשט אָנגעהויבן צו ווערן שלום-עליכם, אין זיין באַרימטן „משפט איבער שמ״ר׳ן״. דער פּלאַץ דערלויבט דאָ ניט אָפּצושטעלן זיך אויף דער דאָזיגער אַרבעט שלום-עליכמ׳ס, וועלכע פאַרדינט אַ גאַנץ באַזונדערע באַהאַנדלונג. ס׳איז אָבער דאָ גענוג צו דערמאָנען, אַז שלום-עליכם האָט מיט זיין „משפט איבער שמ״ר׳ן״, וועלכער האָט ביז דעמאָלט פולשטענדיג געוועלטיגט אויף דעם אידישן ביכער-מאַרק און איז געווען ממש אַ סינאָנים פון אַ אידישן ראָמאַניסט, וואָס ווערט געלייענט פון גרויס און קליין, — אַז מיט דעם דאָזיגן ליטעראַרישן „משפט״, וועלכער איז אין גרונט אַ קריטישער אַרטיקל אין אַ דראַמאַטיזירטער פאָרם, האָט שלום-עליכם ממש געטויט דעם שמר״יזם אין דער אידישער ליטעראַטור. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס שמ״ר האָט שוין פון אַמעריקע אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו פאַרשרייען און מאַכן צונישט שלום-עליכמ׳ס קריטיק איבער אים, האָט ער אָבער, אַלס שרייבער, נאָך דער דאָזיגער קריטיק, אינגאַנצן אויפגעהערט צו שפּילן אַ וועלכע עס איז ראָליע אין דעם געדרוקטן אידישן וואָרט.

ניט אַריינגייענדיג דאָ אין דער פראַגע וועגן די היסטאָרישע אומשטענדן פון יענער באַרימטער קריטישער אַטאַקע פון דעם יונגן שלום-עליכמ׳ען און פון דעם, צי איז ער געווען אַבסאָלוט גערעכט אין יעדער איינער פון זיינע באַשולדיגונגען געגן שמ״ר׳ן, פאַרבלייבט אָבער דער פאַקט, אַז שלום-עליכמ׳ס יענע קריטישע אַרויסטרעטונג האָט אויפגעטאָן פאַר דער ליטעראַטור פיל מער, ווי די גאַנצע אַרבעט פון אַ ריי שפּעטערדיגע פּראָפעסיאָנעלע קריטיקער; אַז די דאָזיגע אַרבעט איז געווען אַן עפּאָכע-מאַכנדיגע ניט נאָר אין דער אידישער ליטעראַטור בכלל, נאָר טאַקע ספּעציעל אין דער אידישער ליטעראַטור-קריטיק, און אַז שלום-עליכם איז אויף אַזאַ אופן געווען איינער פון די ערשטע און ווירקזאַמסטע אידישע קריטיקער.

# שלום־עליכם — דער וועלט...

אין יאָר 1839 האָט די גאַנצע אידישע קולטור־וועלט (און אַ טייל אויך פון דער ניט־אידישער וועלט) מיט גרויס פּאַראַד געפייערט דעם 80טן יובל פון שלום־עליכמ׳ס געבורט.

די איניציאַטיוו פון דער דאָזיגער פייערונג האָבן אויף זיך גענומען די שרייבער און קולטור־טוער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָרטן קומט איצט פאָר אַן אמת׳ער קולטור־פאַרמעסט צווישן פעלקער. יעדעס פאָלק סטאַרעט זיך אַרויסברייגגען פאַר די אַנדערע דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון זיין קולטור־פאַרמעגן. פייערט מען דאָרטן און מען ברייגגט אַרויס פאַר די פעלקער דעם גרוזינישן רוסטאַוועלי און דעם אוקראַינישן שעווטשענקאָ, דעם קירגיזישן דזשאַמבול און דעם פּערסישן פירדוסי, דעם רוסישן מאַיאַקאָווסקי און דעם דאַגעסטאַנער סולעימאַן סטאַלסקי און אַפילו דעם „פרעמדן" ענגלישן שעקספּיר און דעם פראַנצויזישן סטענדאַל. איז ווי קאָנען אידן אָפּשטיין פון פאַרמעסט און ניט באַווייזן וואָס מיר פאַרמאָגן? 80 יאָר איז טאַקע אַ צאָל וואָס טיילט זיך ניט אויף קיין 25, אָבער שלום־עליכם איז דאָך שלום־עליכם!

און איז עס ניט אַ וואונדער איבער וואונדער, ווי דאָס סאָוועטישע לאַנד מיט אַלע זיינע פעלקער האָט אויפגענומען שלום־עליכם? אין אידישע קאָלווירטן (קאָלעקטיווע פאַרמס) און אין רוסישע פאַבריקן, אויף סאָוועטישע קריגשיפן און אין קאָזאַקישע דערפער, צווישן גרוזינער, ווייסרוסן און צווישן די פאַסטעכער פון קאַזאַכסטאַן האָט מען אויפגענומען אונזער שלום־עליכמ׳ען ווי אַ ליבן, לאַנג־דערוואַרטעטן גאַסט, — ניין, ווי אַן אייגענעם, וואָס מען האָט זיך ערשט דערוואוסט ווי אייגן און נאָענט ער איז.

ניט קיין וואונדער איז עס געווען, נאָר ממש אַן אַנטדעקונג. ערשט ווען שלום־עליכם איז אַרויס פון די אידישע ד׳ אמות און האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אויפן קולטור יום־טוב פון די פעלקער האָבן מיר אַליין פלוצלינג דערפילט ווי ברייט, ווי ווייטער פון זיין צייט, ווי אַלמענטשלעך ווערטפול עס איז אונזער שלום־עליכם. אַזוי פאַסירט עס, ווען עס וואַקסט אין הויז און וואַקסט אונטער אַ קינד, וואָס מיר קלייבן נחת פון זיין שכל און פון זיינע פעיאיקייטן און בויען פאַר אים פּלענער און פאַרגעסן דערביי קיינמאָל

ניט אַן דער צייט ווען עס איז געווען נאָך גאָר אַן אומבאַהאָלפן עופה'לע, — און פּלוצלינג דערזעען מיר: דאָס קינד איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, עס האָט איבערגעוואַקסן די אַרומיגע און צווישן לייטן הויבט ער זיך מיט אַ קאָפּ העכער, און מענטשן קוקן צו אים אַרויף מיט פרייד און אָנערקענונג. און ערשט דעמאָלט דערפילן מיר אַביסל איבערראַשטע און שטאַרק דערפרייטע, דעם אמת'ן שטאָלץ מיט דעם, וואָס איז אַזוי אַרויסגעוואַקסן פון אונזער סביבה. אַזוי האָט עס פּאַסירט מיט שלום־עליכמ'ען, וועלכער געהערט אינגאַנצן אונז און דורך אונז דער גאַנצער וועלט.

⁂ ⁂ ⁂

דעם אָנהויב פון דער אוניווערסאַליזירונג פון שלום־עליכמ'ען האָט געמאַכט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד. און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין צופאַל. צו אונז אַליין איז שלום־עליכם געווען צו נאָענט, צו אינטים, צופיל גוטער ברודער, אַז מיר זאָלן אים קאָנען צווישן זיך אַליין דערזען אין זיין פולער גרויס. אודאי האָבן מיר צווישן זיך אַליין געקאָנט זאָגן וועגן שלום־עליכמ'ען, אַז ער קאָן זיך פאַרגלייכן מיט די גרעסטע. אָבער דאָס איז קיין קונץ ניט, ווייל ער און זיין טעמע און זיין שפּראַך און זיין שמייכל זיינען אונזערע, אייגענע, היימישע. די אמת'ע פּראָבע פון זיין דויערנדיגן גרעסערן ווערט האָט געקאָנט געמאַכט ווערן נאָר דאָרטן, וואו אַט די ענגקייט און גוט־ברודערשאַפט האָט פריער ניט עקזיסטירט. און אַט די פּראָבע איז טאַקע געמאַכט געוואָרן צווישן די פילשפּראַכיגע פעלקער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. ווען זיי האָבן אים פאַרשטאַנען און ליב באַקומען און אָנגענומען ווי אַן אייגענעם, איז עס אַ סימן, אַז שלום־עליכם איז פיל מער ווי אונזערער אַ היימישער גוט־ברודערישער קינסטלער, — ער איז אונזער ברייטער און שטאָלצער שלום־עליכם צו דער וועלט.

און נאַטירלעך איז עס, וואָס די דאָזיגע נייע אָפּשאַצונג פון שלום־עליכמ'ען האָט זיך אָנגעהויבן גראָד אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. וואָרום דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז ניט נאָר אַ ניי לאַנד, — סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אַ נייע צייט, אַ נייע עפּאָכע אין מענטשלעכן לעבן און דענקען. און יעדע נייע עפּאָכע אַנטדעקט אויף דאָס ניי און שאַצט איבער אויף איר אופן די גרויסע אוניווערסאַלע קינסטלער. שלום־עליכם איז פאַר אונז היינט פיל מער ווי דאָס, וואָס ער איז פאַר אונז געווען ביי זיין לעבן, פאַר דער וועלט־מלחמה און פאַר דער סאָוועטישער רעוואָלוציע. די מענטשן, די סביבה און די אומשטענדן איבער וועלכע ער האָט געשמייכלט און געלאַכט דורך

טרערן זיינען אַוועק, — זיין שמייכל אָבער איז געבליבן און אַן אָפּגערייניקטער פון דער קאָנקרעטער צופעליקייט איז ער געוואָרן ווי אַ ליכט־קוואַל, וואָס שיינט און לויכט אַלעמען און אויף שטענדיג.

עס וועלן פאַרגיין יאָרן. עס וועלן קומען צייטן און מענטשן, וואָס האָבן שוין גאָרניט געקענט און ניט געליטן פון די צרות, איבער וועלכע שלום־עליכם האָט אונז געלערנט לאַכן. ביי די מענטשן פון יענע יאָרן וועט אויסקומען, אַז שלום־עליכם האָט עפּעס אין אַ מין פּרעכטיגן שפּיל אויסגעטראַכט אַ גאַנצע פאַטעטיש־אוממעגלעכע וועלט, כדי אויסצופּרובירן איבער איר די קראַפט פון זיין העלן שמייכל. די טיפּישע שלום־עליכם סביבה וועט אין זייערע אויגן אויסזען ווי אַ געניאַל צוגעטראַכטער משל, ווי אַ מין דאַנטע׳ס „געטלעכע קאָמעדיע״, וואָס איז באַשטראַלט מיט אַ זיגערישן געלעכטער. און דעמאָלט וועט מען אונזער שלום־עליכמ׳ען ווידער איבערשאַצן און נאָכאַמאָל אַנטדעקן אין אים אַזוינס, וואָס מיר זעען נאָך ניט אַפילו איצט. . . .

:: :: ::

דער ביישפּיל פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אָנגערעגט און אָנגעשטעקט. דעם סיגנאַל צו מאַכן שלום־עליכמ׳ס 80סטן געבורטסטאָג (ווי שווער עס איז פאָרצושטעלן זיך דעם קינדעריש־שמייכלענדיגן שלום־עליכמ׳ען אַלס אַן 80־יאָריגן זקן!) האָט אונטערגעכאַפּט דער איקוף, דער אַלוועלטלעכער פאַרבאַנד פאַר דער אידישער קולטור אין אַלע זיינע 23 לענדער, פון „הודו ביז כוש״, פון פּוילן און דרום־אַפריקע ביז די פאַראייניגטע שטאַטן און אַרגענטינע.

מיר, אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, לעבן אין אַנדערע אומשטענדן ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. סיי די אידן, סיי די אידישע קולטור, ליטעראַטור און שפּראַך זיינען דאָ גאָר אין אַן אַנדער לאַגע איידער אין לאַנד פון דער זיגרייכער רעוואָלוציע. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דאַרפן מיר נאָך ערשט שווער קעמפן פאַר דער אַנערקענונג פון דער ווערט און אַפילו בלויז פון דער עקזיסטענץ און פון דעם רעכט און מעגלעכקייט פון אַ ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון אונזער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור. אין דעם דאָזיגן קאַמף מוזן מיר פאַראייניגן אונזערע צעזייטע און צעשפּרייטע כחות אַרום אַ הויכער פאָן, וואָס מען זעט און מען דערקענט פון ווייטנס און וואָס האָט אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַנערקענונג. און אָט די פאָן איז פאַר אונז געוואָרן שלום־עליכם.

וואָרום מיר קאָנען זאָגן פריער פאַר אַלץ זיך אַליין: אויב מיר האָבן געקאָנט באַשאַפן אַ שלום־עליכמ'ען ווען די נאַכט אַרום אונז איז געווען שטאָק־פינצטער, איז ווי קאָנען מיר פאַרצווייפלען אין דער צוקונפט פון אונזער שפּראַך און קולטור אין אַ צייט, ווען די אַלטע וועלט וואָרפט זיך אין די געבורטס־ווייען פון אַ נייער געזעלשאַפט?

און צו דער אויסערלעכער וועלט קאָנען מיר זאָגן: אויב מיר האָבן אָן שום אַנערקענונג און הילף געקאָנט אַרויסרוקן פון אונזערע רייען אַ שלום־עליכם און געבן אים דער וועלט, איז וואָס וועלן מיר ניט קאָנען דערגרייכן אויב מיר וועלן באַקומען די מעגלעכקייט צו באַטייליגן זיך אין דעם קולטור־שאַפן, ווי גלייכע צווישן גלייכע? שלום־עליכם איז אונזער גרויסער חלק אין דער וועלט־ליטעראַטור. שלום־עליכם, דער נאַציאָנאַלסטער צווישן אונזערע שרייבער, איז אונזער בייטראַג צו דער וועלט־קולטור, דער סימבאָל פון אונזער פולבאַרעכטיגטער שותפות אין איר ווייטערדיגער שאַפונג.

∷ ∷ ∷

אונז איז וויפל מאָל אויסגעקומען אָנצושטויסן זיך אויף אַזאַ פראַגע:

פאַרוואָס האָט שלום־עליכם אַזאַ דערפאָלג ביי די קאָמוניסטן, ביי די לינקע, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד? זיי באַקעמפן דאָך און האָבן שטענדיג באַקעמפט בורזשואַזע שרייבער, — איז קאָנען זיי דען איינרעדן זיך און אַנדערע, אַז שלום־עליכם איז פּלוצלינג, ספּעציעל נאָך זיין טויט, געוואָרן אַ פּראָלעטאַרישער שרייבער?

אונזער ענטפער איז: ניין, מיר קאָנען ניט און ווילן ניט איינרעדן וועמען עס איז, אַז שלום־עליכם איז געווען אָדער איז געוואָרן אַ פּראָלעטאַרישער שרייבער, דאָס הייסט, אַ שרייבער, וואָס איז דורכגעגאַנגען זיין וועג אינאיינעם מיטן אַרבעטער־קלאַס און האָט געשריבן פון שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַריאַט. קיין פּראָלעטאַרישער שרייבער איז שלום־עליכם ניט געווען און די פּראָלעטאַרישע, רעוואָלוציאָנערע וועלט־אָנשויאונג איז אים געווען פרעמד.

אָבער אויב אַפילו שלום־עליכם וואָלט געווען אַ דורכאויס בורזשואַזער שרייבער וואָלטן מיר אויך אַזאַ גרויסן קינסטלער ווי ער ניט געקאָנט אַראָפּוואַרפן פון וואָג. מיר באַקעמפן ניט קיין בורזשואַזע שרייבער בכלל. מיר באַקעמפן בלויז די ווירקונג פון דאָס ספּעציפיש־בורזשואַזע אין די שרייבער, מיר באַקעמפן דעם איינפלוס אויף די לייענער פון זייער ספּעציפיש־בורזשואַזן צוגאַנג צו די דערשיינונגען, וואָס זיי מאָלן. אָבער אויב זיי זיינען

אמת׳ע קינסטלער און ניט גלאַט בורזשואַזע פּראָפּאַגאַנדיסטן, גיסן מיר בשום־אופן ניט אַרויס דאָס קינד מיטן וואַסער, נאָר מיר רעכענען זיי צו צו אונזער קולטור־ירושה, פון וועלכער מיר נוצן אויס דאָס בעסטע און דאָס וויכטיגסטע.

שלום־עליכם אָבער, וואָס איז איינער פון די וויכטיגסטע און באַליבט־סטע קלאַסיקער פון אונזער אידישער ליטעראַטור, איינער פון די גרעסטע קינסטלער, וואָס האָט געשאַפן אין אונזער שפּראַך, איז גאָר ניט געווען קיין בורזשואַזער שרייבער. ער איז געווען דער שרייבער פון די אידישע האָרעפּאַשנע מאַסן, ניט נאָר דערפאַר, ווייל די אידישע בורזשואַזיע האָט ניט געוואָלט וויסן פון דער אידישער שפּראַך און פון אירע קינסטלער, נאָר באַכמער דערפאַר, ווייל ער האָט געמאָלט די וועלט פון שטאַנדפּונקט פון די אָרעמע מאַסן. ער האָט זיך באַצויגן צו דער בורזשואַזיע אין זיינע ווערק אַזוי ווי אונזערע פאָלקסמאַסן באַציען זיך צו איר אין לעבן, — פון שטאַנד־פּונקט: „וואָס מער קבצן — מער הוליאַקע, וואָס מער גביר — מער סאָ־באַקע״. ווי זאָגט ביי אים די אידענע באַסיע, וואָס קוילעט געַנז חנוכה און פּרעגלט שמאַלץ אויף פּסח:

„איך האָב דען עפּעס צו זיי? איך האָב צו זיי גאָרניט. נאָר איך האָב זיי פיינט. איך האָב פיינט אַ נגיד . . .״

ענלעכע דערקלערונגען געפינען מיר ביי אַ גאַנצער ריי אַנדערע העלדן שלום־עליכמ׳ס, אין אַלע זיינע וויכטיגערע ווערק, אומעטום, וואו זיי קומט אויס צו האָבן צו טאָן מיטן גביר. און דאָס זיינען ניט בלויז ווערטער פון זיינע העלדן, — דאָס איז זיין אייגענע, שלום־עליכמ׳ס, באַציאונג צום גביר. אים אַליין האָט שטענדיג געצויגן צום אָרעמאַן, צום האָרעפּאַשניק, צום פּאָלקסמענטש, צו דעם אונטערדריקטן. דערפאַר האָט ער גערעדט די שפּראַך פון דעם אידישן האָרעפּאַשניק, דערפאַר האָט ער אַזוי גוט אויס־געדריקט די שטימונגען פון דער אידישער אָרעמקייט, דערפאַר איז ער אונז אַזוי נאָענט און טייער, איז אַזוי פאַרשטענדלעך און אַזוי טיף איינ־געבאַקן אין האַרצן פון אונזערע מאַסן.

און נאָך אַ זאַך: עס זיינען דאַ מענטשן, וואָס זעען אין דעם אָרעמען לעבן בלויז טרערן, וויטאָגן, שלעק און צרות. אויב מ׳זאָל אַזעלכע מענטשן גלויבן, האָט דער אָרעמאַן ניט קיין שום האָפענונגען, קיין שום מעגלעכקייט צו זיגן איבער זיין אונטערדריקער און דאַרף זיך לעבעדיגערהייט אַריינלייגן אין דר׳ערד. ביי שלום־עליכמ׳ען אָבער איז עס פונקט פאַרקערט. היינטער

די וואָלקנס זעט ער די זונענשייך. פון הינטער די טרערן ברייננגט ער אַרויס דעם שמייכל. און ביי דעם סאַמע אונטערדריקטן רופט ער אַרויס אַ געלעכטער, וואָס לעבט אויף, גיט די מעגלעכקייט אויסצוגלייכן די פּליצע און גיט האָפענונגען אויף דער צוקונפט. שלום־עליכמ׳ס העלדן ווינען ניט, — שלום־עליכמ׳ס העלדן שמייכלען, לאַכן און לאַכן זיך אָפּט אויס פון זייערע צרות און זייערע שונאים.

און אָט מיט דער אייגנשאַפט זיינער, מיט זיין אָפּטימיזם, מיט זיין מונטערקייט, מיט זיין אַמכאַ׳דיגן צוגאַנג צום לעבן איז אונז שלום־עליכם וויכטיג און נויטיג, — אונז און דער גאַנצער וועלט.

⁘ ⁘ ⁘

אין די שלום־עליכם פייערונגען האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ קאָמישער ביי־עלעמענט. דאָס איז דאָס פאַרוואונדערטע און אומצופרידענע בורטשען פון געוויסע מענטשן, וואָס פילן זיך עפּעס ווי זייטיגע אויף דעם גאַנצן יום־טוב. זיי, וואָס זיינען געווען זיכער, אַז שלום־עליכם איז זייערער אַ מין פּריוואַט־אייגנטום, און וואָס האָבן דעריבער טאַקע קיינמאָל ניט געקענט אָפּשאַצן זיין אמת׳ן ווערט, — זיי פילן זיך איצט עפּעס ווי אָפּגענאַרטע און זיינען פול מיט טענות. איינער פון די טיפּישסטע צוויי פון זיי, — ווייל איינער פון די פלאַכסטע — איז אַפילו אַרויסגעטראָטן אין „מאָרגן־זשורנאַל" מיט אַ גאַנצן צעטל אָנקלאָגן:

אַן אומגליק, הייסט עס, האָט געטראָפן „אונזער" שלום־עליכמ׳ען: די סאָוועט־רעגירונג האָט זיך „פאַרליבט" אין אים.

אַ גרויסער אומכבוד איז געשען שלום־עליכמ׳ען: ביי „זיי" איז ער געוואָרן כמעט אַ געבאָרענער קאָמוניסט.

אַן אומרעכט איז געטאָן געוואָרן שלום־עליכמ׳ען: אין אַ ספּעציעלן נומער פון דעם אידישן זשורנאַל „סאָוועטישע ליטעראַטור", וואָס פאַרנעמט זיך דערהויפּט מיט שלום־עליכמ׳ען איז אָפּגעדרוקט געוואָרן ניט נאָר סטאַלינ׳ס רעפּאָרט וועגן דער נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע מיט אַ גאַנצער ריי ציפערן, נאָר אַפילו „די בלעכענע פּנימ׳ער" פון די מיטגלידער פון דער פּאָליטביוראָ פון דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. אַזאַ אומגליק!

און פאַרשעמט איז געוואָרן שלום־עליכם דורך די קאָמוניסטן, וואָרום זיי האָבן אין אָט דעם זשורנאַל זיך באַנוצט „מיט דער הילף פון אַ גוי", רעדנדיג וועגן דער אידישער ליטעראַטור און וועגן שלום־עליכמ׳ען . . .

דער „גוי“, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך דאָ איז — מאַקסים גאָרקי. און די עברה באַשטייט אין דעם, וואָס אין דעם זשורנאַל איז אין איין אַרטיקל אָפּגעדרוקט צווישן אַנדערע מאַטעריאַלן אויך אַ קליינער אויסצוג פון מאַקסים גאָרקי׳ס אַ בריוו, וואו דער געניאַלער רוסישער שרייבער לויבט שלום־עליכמ׳ען דערפאַר, וואָס זיין בוך „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס“ „פּינקלט מיט אַזאַ וואוילער, גוטער ליבע צום פאָלק“, און וואָס פון אים „ווילט זיך אי וויינען, אי לאַכן“.

אָט די אַלע אויסגעמוטשעטע טענות און פאָרוואורפן, וואָס ווערן געמאַכט פון מענטשן, וואָס פילן זיך אָפּגענאַרט דערפאַר, ווייל „פרעמדע“ האָבן אָנערקענט און אויפגענומען שלום־עליכמ׳ען זיינען, פאַרשטייט זיך, אַ קוריאָז, וואָס כאַראַקטעריזירט בולט די, וואָס דרייען זיך אַרום און אונטער דעם טיש פון דער מאָדערנער אידישער קולטור. צוליב דער פולקייט פון דעם בילד איז נויטיג צו דערמאָנען אויך אָט דעם קלעגלעכן קוריאָז, וואָרום אַ העלער ליכט־קוואַל ווי שלום־עליכם איז, פאַרשפּרייט ניט נאָר שיין אַרום זיך, נאָר ער ציט אויך צו אַלערליי פליגן און מאָסקיטאָס.